דאָרע טייטלבוים

# הימל און ערד

ייִדישער דיכטער־קלוב פון אַמעריקע
ניו־יאָרק, נ. י.
1947

# פאָלק, מיין פאָלק!

פאָלק, מיין פאָלק, ביסט ווי אַ וואַלד אַ גרינער, אַ געדיכטער,
מיט סאָסנעס, דעמבעס און געוויקסן אָן אַ שיעור,
און נאָר די צייט איז בלויז דערוויל אַליין דער ריכטער
פון אַלע וועלף, וואָס לאַשטשען זיך צו דיר.

ס'בעט דער בער זיך אויף דיין ברוסט אוים אַ געלעגער,
און די שלאַנג אין דיינע קרויזן זיך באַהאַלט.
מיט האַק אין האַנט קומט יעדן טאָג צו דיר דער העקער
און מיט ציין מיט שטאָלענע דיין לייב באַפאַלט.

אין קוסט אין טיפן באַהאַלטן ליגט אַ טיגער
און בייט צו יעדן הארבסט אויף זיך די פעל,
צערייסט אַ שעפעלע, אַן אומשולדיקס אויף שטיקער,
און וואַשט די מאָרדע די פאַרבלוטיקטע אין וועל.

ס'טאַנצט אַ פוקסל צווישן צווייגן, צווישן שטומע,
און פון בוים צו בוים דעם פייער־פלאַם צעטראָגט.
הויך אויף בוים־שפיץ זיצט אַ קוקאַווקע אַ פרומע,
און די לעשער מיט ליד מיט טרויעריקס פאַריאָגט.

סיי אין פרילינג, סיי אין שטורמישן געוויטער,
ווען ווילדע וויגעם די הויט אויף וואלד צעפליקן,
זינגט זיך פרומע קוקאווקע די זעלבע אומעטיקע לידער
מיט איר אלטן, מיט איר גסיסהדיקן ניגון.

ס'האט פרומע קוקאווקע פאר וואלד קיין טרייסט,
ווען ביימער נאקעטע אין קלעם אין הארבסטיקן פארשטומען,
כאטש ס'ווייסט די קוקאווקע, זי ווייסט, זי ווייסט,
אז פרילינג וועט ווי שטענדיק ווידער קומען.

ווי ס'מיינט דער לייב, ער איז פון וואלד דער קייסער
און די שלאנג די פינצטערע, זי איז דער גרעסטער ציר,
מיינט די קוקאווקע, זי איז דער וועלטם דערלייזער
און דאס ליד דאס ליכטיקסטע געפינט מען נאר ביי איר.

פאלק, מיין פאלק, ביסט ווי א וואלד א גרינער, א געדיכטער,
טיגער, בערן, וועלף פאראן ביי דיר א סך,
און קוקאווקעס וואס האלטן זיך פאר דיינע דיכטער
און גייען מיט די וועלף אויף זעלבן שליאך.

ווי ס'באהאלט אין נארע זיך דער בער איעדן ווינטער
און זויגט זיין לאפע, זיין אייגענע, אין שלאף,
אזוי באהאלטן פאלשע דיכטער זיך אין טינטער
און זויגן אוים פון דארט איעדן סטראף.

פאָלק, מיין פאָלק, מיין אייביק-יונגער גרייז,
זע נאָר, זע, מיט דיינע אויסגעבענקטע אויגן,
אין די שפּייכלער דיינע פלאָדיען זיך אַזויפיל מייז,
און אַזויפיל שלענג די בריסטן דיינע זויגן.

פאָלק, מיין פאָלק, מיין וואלד, מיין גרינער, מיין געדיכטער,
מיט דעמבעס, סאָסנעס און געוויקסן אָן אַ שיעור.
שוין צייט, שוין צייט אַליין זאָלסט ווערן ריכטער
פון אַלע וועלף, וואָס טראָמפּלען איבער דיר!



# קום, אָדלער, כ׳וועל דיך לערנען פליען!

קום, אָדלער, כ׳וועל דיך לערנען פליען.
איך בין א טאָכטער פון אַן אָדלער-פּאָלק.
מיינע יחוס-שנירן ציען זיך און ציען
צו העלדן זיידעס פון אוראַלטן אַמאָל.

ניט אין הימלען איז פליען מיר באַשערט
און טרוימען אַן איינזאַמע אויף פעלזן.
איך פלי אין די פלאַמען פון א ברענענדיקער ערד.
איך פלי פון מצרים, פון שפּאַניע און פון בעלזן.

איך פלי דורך מדברדיקע, אויסגעצערטע יאָרן,
וואו עס בליט די שווערד, די תליה און די שפּיז.
איך פלי דורך רויך פון צער און צאָרן
און זע ווי ס׳בלוט פון מיינע פליגל פליסט.

איך גיס מיין בלוט און צייל איעדן טראָפּן,
פון וואַרשע, פון לאָנדאָן ביז מאַדריד.
וואו היינט א נעסט איז פאַר ראַצן און פאַר ראָבן,
וועט מאָרגן זיין א פעלד, א גאָלדענער אין צוויט.

דער וועג איז לאַנג, דער וועג איז ברייט,
נאָר מיט דיר כ׳וואָלט, אָדלער, זיך ניט בייטן.
מיט טרערן כ׳האָב אַ לעבן־לאַנג געזייט,
און מאָרגן כ׳וועל די פרוכט פון אַרבעט שניידן.

גרינג איז פליען אין בלויע הייכן.
ס׳האָט קיינער נאָך די הימלען ניט געשמידט.
ס׳קאָן דער פלאַם פון וועלט דיך ניט דערגרייכן
און ניט די פרייד פון זיגרייך ליד.

קום, אָדלער, כ׳וועל דיך לערנען פליען,
וואו ס׳איז אַן אָדלער זיין כדאי.
וועסט זען דאָס וועלקן, וועסט זען דאָס בליען
פון אַ וועלט, וואו מענטש וועט ווערן פריי.



# איך שפּרייז אויף די חורבות פון מיין שטאָט

איך שפּרייז אויף בראַנד, איך שפּרייז אויף בראָך
און זעקס מיליאָן מתים לויפן מיר נאָך,
און רייסן די שטיינער אַרויס פון דעם ברוק
און ציילן די טרערן אין טראָפּנס פון בוג.

ציגל, ציגל, מיט בלוט פאַרשריבענע ציגל.
דאָ אַ היטל, דאָרט אַ רעדל פון אַ וויגל,
דאָ אַן אַרבל, דאָרט שנירעווקעס פון שיך.
היים, מיין היים, דו ביסט אַ יתום, פּונקט ווי איך.

שטאָט, מיין שטאָט, מיין אָפּגעברענטע שטאָט,
דיינע חורבות — וואונדן באַגאָסן מיט יאָד.
דער גאָרטן, דער סאָד, ווי מיין וויגל איז חרוב.
די ערד, די ערד איז מיין איינציקער קרוב.

איך הויב אויף אַ זשמעניע ערד אין מיין פויסט.
זע, זע וויפל אויגן עס קוקן אַרויס;
יעדעס זעמדל — אַ ייִדע, יעדעס שטיינדל — אַ דור.
די ערד איז מיין קרוב, שוין צען טויזנט יאָר.

איך שפּרייז אויף חורבות און זוך אין די זריבן.
פון מיין היים, פון מיין געסל איז אַ בוים נאָר געבליבן.
אַן אַלטע בערעזע, מיט צווייגן מיט ברייטע.
דאָרט אין איר שאָטן פלעגט זיצן מיין זיידע.

עס שטייט די בערעזע, מיט צעשפּאָלטענער קאָרע,
מיט פאַרבראָכענע צווייגן ביי אָפענע קברים.
עס שיילט זיך איר הויט, ווי אַן אַלטע צעראַטע.
בערעזע, בערעזע, דו ביסט איצט מיין טאַטע!

בערעזע, בערעזע, איך וויל פאַר דיר שפּילן.
אַ פליים איז מיין האַרץ און כ׳קאָן עס ניט שטילן.
עס רייסן זיך לידער, ווי פייגל פון שטייגן
און לאָזן ניט רוען און לאָזן ניט שווייגן.

ס׳האָט מיר יאַנקל דער קלעזמער זיין פידל געגעבן
און פאַרשוואוירן כ׳זאָל שפּילן כל זמן כ׳וועל לעבן.
ס׳האָט אַ האַרף מיר געלאָזן מיין פאַר׳שרפ׳עטע שוועסטער,
בין איך מיר אַליין איצט אַ גאַנצער אָרקעסטער.

כ׳וועל שטיין אויף די חורבות און שפּילן און שפּילן,
ביז אַ האַרץ כ׳וועל אין שטיין אין יעדן דערפילן,
ביז אויפשטיין פון קבר וועט יעטווידער ייד
און גרויס, ווי דער חורבן, וועט זיין אונדזער צוויט.

כ׳וועל שטיין אויף די חורבות און רייסן די סטרונעס,
ביז אַ קוואַל וועט אַ זינג טאָן אין דורשטיקע ברונעמס.
כ׳וועל שפּילן און שפּילן פון זיג און פון גלויבן,
ביז ס׳וועט מיין שטאָט זיך פון חורבות צום הימל דערהויבן.

# ווידער גרינט דאָס פעלד

ווידער גרינט דאָס פעלד, דער גאָרטן און דער סאָד
מיט נייעם טרוים אויף פריש־פרילינגדיקן צווײַט.
ווידער בויט דער מענטש זיין אָפּגעברענטע שטאָט
און זינגט אויפסניי דאָס אַלטע, גלויביק ליד.

אַלטע טייכן פירן נייע סודות צו דער ווייט,
און שלינגען שטיקער ברעגן אינדערשטיל.
עס זידט דאָס בלוט נאָך אויף די בלעטער פון דער צייט,
און יעדער ייד איז נאָך אַ משה׳לע און יעדער טייך אַ ניל.

פאַרוויינטע מאַמעס אויף צעצונדענע וואָקזאַלן
וואַרטן ס׳זאָל אַ זון אַהיים ברענגען די באַן,
און די ביי ווען ס׳איז דער זון שוין לאַנג געפאַלן
זוכן אים אין יעדן פּנים פון אַ פרעמדן יונגנמאַן.

ווידער קלינגען גלאָקן און עס בלאָזן שופרס
און תפילות פליען גלייך אַרויף צו גאָט.
ווידער שטייען פוקסן, וועלף און זויפערס
און לערנען מיט די שעפעלעך די צען געבאָט.

אויף אַלטע גאַסן זיצן נייע אינוואַלידן
און בעטן מיט אַן אַרבל אַ ליידיקן אַ גראָשן.
פרילינג גרינט אויף קבר פון זעקס מיליאָן יידן
און די זון קוקט און ווערט פאַר חרפּה ניט פאַרלאָשן.

די זון גייט און בינדט דעם מזרח מיטן צפון
און היילט און גלעט יעדע וואונד ,יעדן בראָך,
נאָר זי קאָן ניט וועקן, זי קאָן ניט שטראָפן
און ניט צעשמעלצן אויף מידע פּלייצעס קיינעמס יאָך.

די זון, די זון איז פול מיט רויטע פלעקן.
זי האָט דאָס פּנים דאָס העלע זיך פאַרשטעלט.
אָ מענטש, אָ מענטש, זי קאָן פון שלאָף דיך ניט דערוועקן.
ביסט נאָך אַ דינער אין דיין אייגענעם געצעלט.



# די פרייהייט־מאַמע וויינט

די פרייהייט-מאַמע וויינט אויף בעדלאָו-אינדזל
אינדערשטיל,
און קיינער הערט ניט איר געוויין
און ווייסט ניט, אַז זי וויל
אַרויסשפּרינגען פון שטיין.

זי לאָזט דעם פאַקל פון האַנט פון רעכטער ניט אַרויס
און היט עס זאָל די נאַכט קיין אייביקייט ניט ווערן.
צעצינדט דעם הימל יעדן אויפדערנאַכט,
פאַרלעשט איעדן אינדערפרי
מיט אירע מאַמעדיקע טרערן
דעם לעצטן גלי
פון בלייכע צאַנקענדיקע שטערן.

זי שטייט ביים טויער פון איר לאַנד
און היט
ס'זאָלן ווילדע ווינטן דעם פלאַם
ניט פאַרלעשן אין איר האַנט.

זי שטייט, זי ווייסט,
ס'האָט אַ פאָלק זי דאָ אוועקגעשטעלט
אינמיטן ים
מיט רוף, מיט טרייסט
צו אַלע עקן וועלט:

„גיב מיר דיינע הונגעריקע, דיינע מידע מאָסן,
וואָס לעכצן צו אָטעמען פריי.
שיק די פאַרפייניקטע, די היימלאָזע צו מיר,
איך הויב אויף מיין לאָמפּ צו דער גאָלדענער טיר.“
די פרייהייט-מאַמע וויינט.

עס גרייכט יעדע טרער, יעדער ווײ
פון אָרעמע, היימלאָזע וואָגלער צו איר,
נאָר פאַרמאַכט איז פאַר זיי
די גאָלדענע טיר.

זי הערט די געוויינען, זי הערט די געוואַלטן
פון בעלזען, פון דאַכאַו, פון מאַידאַנעק פון נייעם,
וואָס רופט זיך היינט ציפּערן,
נאָר וואָס קאָן ניט באַהאַלטן
אונטער ווייסע פּאַפּירן
דאָס פּנים דאָס אַלטע
פון ברוינע מונדירן.

די פרייהייט-מאַמע שטייט ביים גאָלדענעם טויער.
יעדער זאַלפּ, יעדער ווײ,
יעדער כליפּ, יעדער טרויער
דערגייט פון די וויטן
צו איר צער׳פולן אויער.

דער הימל דער בלויער
קוקט און זעט
און שווייגט,
נאָר די זון היט און גלעט
איר מידן מאַמעדיקן קאָפּ
און ווישט די טרערן
פון איר פּנים פון איר צאַרטן אַראָפּ.

צו אירע פיס לאַשטשעט זיך דער זילבערנער אַטלאַנטיק
און מישט, ווי טעלעגראַמעס, זיינע וועלן
און בלעטערט די געשיכטע,
און זינגט דאָס ליד פון אַלטע פראַנצויזישע באַריקאַדן,
פון קעמפער, פון העלדן, פון טרוימער.

די פרייהייט-מאַמע וויינט.
זי זוכט אין די כוואַליעס איר טאַטן,
ער זאָל זי אַרויספירן פון שטיין.
זי וויל
אַ שפּרייז טאָן איבער אַלע אַכט-און-פערציק שטאַטן,
אויפוועקן פון שלאָף
לינקאָלן, דזשעפערסאָן, טאָם פּעין
און מיט זיי ביינאַנד
ווידער
באַפרייען די קינדער פון איר לאַנד.

אָ, לינקאָלן, לינקאָלן!
ווערסט דאָס לאַנד דיינס ניט דערקענען.
דיינע זין, דיינע באַפרייטע,
ווי פּאַקלען אויף די ביימער ברענען.
די פאָן פון שטרייפן און שטערן
באַגלייט די מערדער צו אַ לינטשעריי,
רויב-פייגל און ראָבן זיינען אויף דער שמחה מחותנים.

לינקאָלן, לינקאָלן!
אויף דיין קבר טאַנצן שונאים.
האָסט אַ פאָלק באַפרייט פון שקלאַפעריי,
נאָר די פרייהייט-מאַמע איז נאָך אַליין ניט פריי.
די פרייהייט-מאַמע וויינט
אינמיטן ים. אינדערשטיל.
זי וויל
אַרויסשפרינגען פון שטיין,
אָפּווישן דאָס בלוט
פון די שטרייפן און שטערן.

זי וויל
אַ מאַמע ווערן
און אַ נייעם לינקאָלן
דיר,
מיין פאָלק, געבערן.

# בריסק, מיין בריסק!

בריסק, מיין בריסק, שטאָט פון מיינע קינדער־יאָרן
מיט ליכטיקע און פינצטערע זכרונות.
עס גליט און ברענט און לעבט אין מיין זכרון
יעדע וואונד וואָס ס׳האָט געלאָזן דיר דער שונא.

איך קום צו דיר אין יעדער פרייער רגע.
איך קום צו דיר ווען כ׳דרימל, ווען איך וואַך.
עס ווערט אַ פּאַראַשוט מיין שניי־ווייסער געלעגער
און ברענגט מיך צו דיר יעדן אויפדערנאַכט.

איך שפּרייז מיט שטילן, מיט אומעטיקן טראָט
פון גראַיעווער סלאָבאָטקע ביזן אַלטן מאַרק.
איך זוך אַ הויכן בוים אינמיטן קייסערס סאָד.
איך זוך אַ הייל אין בויך פון בריסקער באַרג.

אַ בוים, וואו כ׳האָב פאַרקריצט אַמאָל מיין נאָמען
און אַ שורה פון מיין ערשט יידיש ליד,
אַ הייל, וואָס האָט באַשיצט מיך פון פּאָגראָמען,
אַ הייל, וואָס האָט דערמאָנט אַז כ׳בין אַ ייד.

גיי זוך אַ באַרג, אַז אַ באַרג איז יעדער הויז
און היילן אָפּענע די הייזער, ווי די קברים.
דער בית־עולם, ווי אַ טייך פון די ברעגן איז אַרויס,
און ציט זיך שוין פון מזרח, ביז צפון און ביז דרום.

אַ פאַרשנייטער בוים — מיין טאַטנס ווייסע קלויז,
צווישן שטיינער, צווישן אָפּגעבערנטע ציגל.
איך גיי פון באַרג צו באַרג, פון הויז צו הויז,
און זוך אַ סימן פון מיין אַלטן שטרויען־וויגל.

איך קוק אויף די שוואַרצע, שאַטנדיקע זריבן.
דאָ בין איך קיינמאָל רואיק ניט געשלאָפן.
פון דאַנען האָבן פּאָגעם מיך פאַרטריבן.
פון זיי בין איך אין נאַכט אין פינצטערער אַנטלאָפן.

היימיש זיינען מיר די שוואַרצע סילועטן.
היימיש יעדער באַרג, יעדע גאַס, יעדער שטיין.
פון דאַנען פלעגט מען יידן אַרויסשלעפּן פון בעטן,
פון דאַנען פלעגן זיי צו אייביקע לוויות גיין.

איך זוך מיין „שקאָלע” צווישן אָפּגעברענטע זריבן,
און די רויזן, וואָס האָבן יעדן פרילינג זיך צעבליט.
דאָ האָב איך זיך אויסגעלערנט האַסן, ליבן.
דאָ האָב איך ס'ערשטע מאָל געהערט „פאַרשיווי זשיד”.

דאָך האָט מיך אַהין אַזוי געצויגן:
צו די ביכער, צו די מאַפּעס, צו די טינטערס.
דאָרט געלאָזן כ'האָב אין לערערס בייזע אויגן
צוועלף הונגעריקע, צאָרנדיקע ווינטערס.

איך שפּרייז אויף די קברים פון מיין שטאָט.
איך גלעט די גרעזעלעך, די יונגינקע, די גרינע.
און ווי מונטער ווערט מיין אומעטיקער טראָט,
ווען כ'טראַכט: אין זעלבן קבר ליגט ס'אַלטע פּוילן מיט איר שנאה.

בריסק, מיין בריסק, וויג פון שלאַכטן און פּאָגראָמען.
זיכערער ווי שטענדיק שפּאַנט איצט איבער דיר מיין טראָט.
ווי לאַנג עס לעבט די ערד, ווי לאַנג עס לעבט דיין נאָמען,
וועסטו ווידער זיין אַ לעבעדיקע שטאָט!



# אַ קינדער־היים אין ביראָ־בידזשאַן

אין אַ טאָל צווישן בערג שטייט אַ הילצערנע הויז,
מיט ביימער מיט הויכע, די העכסטע אין געגנט.
אויפן וואַנט הענגט אַ שילד — אַ שמייכל די גרויס
און קוקט אויף ביראָ-בידזשאַנער אָפענע וועגן.

אַ הויז ווי אַלע שכנישע הייזער,
מיט טישן אינדרויסן פון דעמבענע ברעטער,
מיט הילצערנעם זייגער, מיט ריזיקע ווייזערס,
און קינדער וואָס פליען ווי אין ווינט צעריסענע בלעטער.

עס פליען די קינדער צו זאַנגען מיט קאָרן,
צו קוסטעס, צו וועלדער מיט ביימער געדיכטע.
עס פליען די קינדער צום טייכל צום קלאָרן.
און יעדעס פון זיי — אַ לעבעדיק בלעטל געשיכטע.

מען לערנט די קינדער געאָגראַפיע, געשיכטע,
באָטאַניק, זאָאָלאָגיע און שפּראַכן.
מען לערנט זיי זיין פון לעבן די ריכטער.
מען לערנט די קינדערלעך לאַכן...

גרינג איז זיי אַלץ. די קינדער פאַרשטייען
די ביכער, די מאַפּעס, די שפּראַכן.
נאָר שווער איז די קינדער קאָנען זיך פרייען.
שווער איז די קינדער צו לאַכן.

היימיש פאַר זיי איז דאָס ריזיקע לאַנד.
היימיש די וואָלגע, דער דאָן און דער פּרוט.
יעדע שטאָט, יעדער טייך אין אַ נאָענטן דערמאָנט.
היימיש דאָס לאַנד איז דורך בלוט.

אַ ייִנגל אַ קליינס מיט פיר יאָר מיט קנאָפּע,
ווייסט וואו ס'געפינט זיך דער דניעסטער.
עס ווייסט וואו ס'געפינט זיך דער טייך אויף דער מאַפּע,
ווייל געפאַלן איז דאָרט זיין טאַטע, זיין מאַמע, זיין שוועסטער.

עס ווייסן די קינדער פון לאָנדאָן, פון ווין,
פון ניו־יאָרק, פון טשונגקינג, פון שקלאָוו,
זיי ווייסן די וועגן וואָס פירן אַהין.
זיי רעדן געאָגראַפיע פון שלאָף.

זיי ווייסן שוין אַלץ, די קינדער, די קליינע —
דעם טייטש פון האַס און נקמה.
זיי זיינען שוין קלוג און דערפאַרן ווי זקנים.
זיי האָט געלערנט מלחמה...

עס דערציילט ניט דער לערער די קינדער אַ מעשה
פון פאַרכישופטן טעפּיך, פון צעשפּאָלטענעם שטיין,
פון אַ פּאַסטוך אַ טרוימער מיט ציגעלעך ווייסע.
עס דערציילן די מעשיות שוין קינדער אַליין.

אַ יינגל אַ דאַרער מיט יאָרן מיט צוועלף
די קינדער פון אייגענעם לעבן דערציילט,
ווי ער האָט געוואוינט אין אַ וואַלד צווישן וועלף,
און פיר יאָר, פיר לאַנגע געלעבט אין אַ הייל.

דעם הונגער געשטילט מיט בלעטער, מיט קאָרע,
מיט גראָזן, מיט יאַגדעס, מיט שוואָמען.
פיר יאָר געלעבט ווי אַ בער אין אַ נאָרע
און פאַרגעסן די וועלט און זיין נאָמען.

אַ צווייטער דערציילט, אַ יינגל פון אַכט,
מיט צעשראָקענע אויגן און צעשניטענער באַק.
ס'האָט אים אַ שכנה אַ טאָג און אַ נאַכט
געטראָגן מיט שפּענער אין אַ פאַרבונדענעם זאַק.

זי האָט אים געטראָגן דורך נאַצישע אויגן.
זיין בלוט האָט אין זאַק די שפּענער באַנעצט.
זי האָט אים געטראָגן אין דרייען געבויגן,
ביז ס'האָט זיך די זון אויף דער לאָנקע געזעצט.

אַ דריטער, אַ פערטער, אַ פינפטער דערציילן
פון בלוטיקע טעג, פון טויטע מעת-לעתן,
פון לעבעדיקע קברים, פון פאַרבאָרגענע היילן,
פון גרוילן, וואָס לאָזן זיך גאָרניט פאַרגעסן.

הערן די לערער ווי קינדער דערציילן.
הערט אויך דער הימל, דער בלויער,
הערן די טייכן, די וועלדער, די היילן.
הערט אויך דער אַלטער, פאַרחתמעטער טויער.

אַ הילצערן הויז און אַ טייכל דערנעבן
אויף אַ זוניקן פעלד אין זאַנגיקן גאָלד,
און יעדער זאַנג מורמלט: וועסט לעבן, וועסט לעבן,
אַזוי האָבן טאַטע-מאַמע געוואָלט!



# מיר וואַרטן

כ׳בין ניט געשלאָפן היינט די נאַכט.
מיט בליק געשלעפּט די וויטע באַן.
דו קומסט אַהיים, מיין העלד, פון שלאַכט,
דו קומסט אַהיים, מיין ליבער מאַן.

כ׳האָב דיין מאַנטל אויסגעפּרעסט,
קוקט ער אוים ווי שפּאָגל־ניי.
איך קוק אים אָן און איך פאַרגעס,
אַז ס׳גייט אים שוין דער זעקסטער מאַי.

כ׳האָב דיינע העמדער היינט פאַרריכט,
אָנגעניים אויף זיי שוין קנעפּ.
דעם דיל צעוואַשן אין דער קיך
און אָפּגעשייערט אַלע טעפּ.

כ׳האָב מיט טוך דיין שטול באַצויגן,
אויפגעהאַנגען די גאַרדין.
פרעגט דיין טאָכטער מיט פאַרטרערטע אויגן:
ווען קומט די באַן שוין פון בערלין?

עס בליט אַ בלימל אין מיין לאַץ,
נאָר די אויגן זיינען נאַס.
אין ווינקל ליגט די ראָבע קאַץ —
זי וויסט, זי וויסט, ס׳קומט אַ גאַסט.

אַלץ אויף דיר, מײַן ליבער, וואַרט:
דאָס הויז, דער טיש, דײַן ווייכע שטול.
ס׳האָט זיך דײַן טאָכטער אײַנגעשפּאַרט,
זי וועט שוין הײַנט ניט גיין אין שול.

זי זיצט פאַרפּוצט ווי אַ בת-מלכה
און האַלט די אויגן אויף דער טיר.
זי האָט אָוועקגעלייגט די ליאַלקע
און וואַרט מיט אומגעדולד אויף דיר.

ס׳איז דײַן טאָכטער אײַנגעשלאָפן
אויף אַ בענקל, אויף אַ האַרטן.
די טיר פאַרמאַכט. דאָס האַרץ איז אָפן.
מיר זיצן ביידע און מיר וואַרטן.



# בירָאבידזשאַן וויג־ליד

וויין ניט, קינד מײנס, וויין ניט מער.
פאַרשעמסט די בירע מיט דיין טרער.
ס'איז ניטאָ מער וואָס צו וויינען.
האָסט אַ היים מיט גוטע שכנים.

אײ לו לו לו, אײ לו לו,
מאַך די אויגלעך דיינע צו.

האָסט אַ היינט און האָסט אַ מאָרגן.
פאָטער סטאַלין וועט פאַרזאָרגן
און פאַרהיטן דיך אין וויגל
מיט צוויי גרויסע אָדלער־פליגל.

אײ לו לו לו, אײ לו לו לי,
שלאָף געזונט ביז אינדערפרי.

דו ביסט נאָך יונג, דו ביסט נאָך קליין,
פאַרשטייסט אַליין ניט דיין געוויין.
קאָנסט ניט ציילן, קאָנסט ניט פרעגן,
קאָנסט ניט זען דיין גרויס פאַרמעגן.

אײ לו לו לו, אײ לו לו לו,
מאַך די אויגלעך דיינע צו.

ניטאָ קיין וואָג, ניטאָ קיין מאָס
דאָס גאָלד צו מעסטן אין קאָלכאָז,
אין די רינדער, אין דעם קאָרן,
אין דעם צוויט פון נייע יאָרן.

איי לו לו לו, איי לו לו לאָ,
שאָ, מיין יינגעלע, נו שאָ.

הערסט ווי ס'וויינט אין שטאָל די קו,
זי לאָזט דיין טאַטן ניט צורו.
זי וועט אַ קעלבעלע געבערן,
וועלן מיר רייכער ווערן.

איי לו לו לו, איי לו לו לוי,
שלאָף-זשע, קינד מיינס, אָט אַזוי.

עס לאַכט דער סטעפּ, עס זינגט דער סאָד.
ס'איז נאָר, מיין קינד, אַ גרויסער שאָד,
אַזויפיל יאָר וועלן פאַרגיין
ביז וועסט דיין מאַמעס רייד פאַרשטיין.

איי לו לו לו, איי לו לו ליי,
טרוים פון קעלבעלעך, פון צוויי.

שלאָף מיין נחת, שלאָף מיין קרוין,
וועסט זיין אַ בחור, אַ פּאַרשוין,
ווי דיין טאַטע הויך און ברייט,
ווי דיין מאַמע פול מיט פרייד.

איי לו לו לו, איי לו לו לי,
שלאָף געזונט ביז אינדערפרי.



# זעקס הונדערט פיר

זעקס הונדערט פיר.
פאַר ווענען — אַ נומער פון אַ טיר
מיט מאַמעדיקן שמייכל הינטער איר,
מיט ציכטיקן געלעגער, מיט שמעקעדיקן טיש, מיט לויכטנדיק
געשיר;
מיט אויגן וואַרעמע באַפליגלט און באַגלייט
אויף יעדן טראָט, אויף יעדן ריר.
נאָר ניט פאַר מיר
איז עס אַ טיר,
וואָס עפנט אין זכרון
אַ בינטל בליענדיקע יאָרן.

פאַר ווענען זעקס הונדערט פיר
איז נאָר אַ ציפער אויף פּאַפּיר,
וואָס קוקט גאַוועדיק מיט אויגן, מיט גאָלדענע, אויף דיר,
וואַרעמט, פריידיקט און דערמאָנט,

אַז ער איז אַ גביר
און דער שליסל אין זיין האַנט
עפנט מיט איין ריר
די קאַסע די פאַרחתמעטע מיט גאָלד,
נאָר ניט פאַר מיר
איז זעקס הונדערט פיר אַ ציפער אויף פּאַפּיר.
פאַר וועמען
זעקס הונדערט פיר
איז גאָר אַ גראָשנדיקער חוב,
שוין יאָרן ניט באַצאָלט,
און פייניקט און דערמאָנט
אין אַ טאַש אין אַ ליידיקן אין האַנט,
אין אַ רעקל אַ צעריסנס אויפן לייב,
אין שטיגן אין קרומע אויף אַ הויף,
אין ווענט אין פינצטערע אין פיר,
אין אַ ווייב,
אין אַ קינד אַ הונגעריקס ביים טיר,
נאָר ניט פאַר מיר.

פאַר וועמען
זעקס הונדערט פיר
איז נאָר אַ בינטל נעמען
אויף אַן אַלטן צעקנייטשטן צעטל,
וואָס שווימען אין זכרון
און דערמאָנען ווייטע קינדער־יאָרן,
אין אַ קליין יידיש שטעטל,

אין חברים, אין פריינט,
אין גאסן, אין בולווארן,
אין אן ערשטן, באהאלטענעם שפאציר
מיט א יונגן קעניג־ליר,
נאר ניט פאר מיר
איז זעקס הונדערט פיר — א צעטל נעמען אויף פאפיר.
פאר מיר
איז עס א שווארצער פלעק
אויף ווייסן שניי, אן אויסגערונען לעבן אין מארש צום טויט.
א מחנה העק
אויף קינדער־קעפ,
א שווארצע באן,
וואס איז געפארן און געפארן
דורך זוניקן באגינען, דורך נאכטיקן טומאן,
און געפירט דעם צער, און געפירט דעם צארן,
ביינאנד מיט יעדן צאפל, מיט יעדן ציטער
פון א וואלד מיט אויסגעהאקטע יארן
צו דער שחיטה.
פאר מיר
איז זעקס הונדערט פיר —
א פריציש פנים,
א נאצישער מונדיר,
הענט הענקערשע, שווערע,
וואס האבן א מצבה אן אייביקע
אויף מיין ארעם מיר געשטעלט
נאך זעקס מיליאן טויטע.

פֿאַר מיר איז זעקס הונדערט פֿיר
אַן אייביקער רוף
אין יעדן צעל
פֿון מיין אויסגעצערטן גוף,
אַ שטרענגער באַפֿעל
צו גיין אויפֿסניי
קעגן שונאס אויסגעשטרעקטער שווערד
ביז פֿריי
און מענטשלעך וועט דאָס לעבן זיין
אויף אונדזער ערד.



# פיטסבורג

איך שטיי אויפֿן קאָפּ פֿון וואַשינגטאָן־באַרג
און קוק אויף דיר, פּיטסבורג, און גאַף.
ווי גרויס איז מענטש, ווי אייביק, ווי שטאַרק,
ווען דו, מיין ריז, ביסט זיין באַשאַף.

איך קוק אויף דעם רויך וואָס זעצט פֿון פֿאַבריקן —
כ׳זע שטויב פֿון חיילות אין ווילדן געיעג.
עס שאַלן סירענעס דעם אָנקום פֿון זיגן.
עס שמידן די אויוונס דעם טאָג פֿון די טעג.

די שטאָלענע ריזן, זיי זינגען אָן אויפֿהער
דאָס ליד דאָס אייביקס פֿון שפֿע און מאַכט,
און יעדער קוימען — אַ ריזיקער, פֿלאַמיקער שופֿר,
וואָס וועקט נאָך די העלדן פֿון האַמסטעדער שלאַכט.

עס זינגט דער מאָלגייני, דער טייך דער אַלטער.
ווי זילבערנע פֿיש צאַפּלען כוואַליעס און שווייגן.
ווער ווייסט וויפֿיל סודות אין די טיפֿן באַהאַלט ער
פֿון פֿאַרטייעטע באַרזשעס אין שטאָלענע סטרייקן.

אויף בערג די הייזער ווי נעסטן ווי שטיינערנע הענגען,
פֿאַרשלייערט אין שוואַרצן געשטופּלטן קרעפּ.
אין טאָל דריי טייכן — דריי זילבערנע סטענגעס
פֿאַרפֿלאָכטן אין קרויזן פֿון באַרגיקע צעפּ.

פּיטסבורג, פּיטסבורג, איך שטויב באַהאַלטענער גיגאַנט,
דיין גבורה מונטערט מיך און וועקט.
עס קלאַפּט אין דיר דער זייגער פון מיין לאַנד,
נאָר דער ציפער-בלאַט איז נאָך מיט נאַכט מיט פינצטערער
פאַרדעקט.

ס'האָט דער מענטש דעם שטאָל דערהויבן צום הימל
און ליגט נאָך אַליין אין טיפן פון שאַכט,
און זעט ניט זיין גבורה אין פאַרטשאַדעטן דרימל
און דערקענט ניט זיין ברודער דורך די שפּאַלטן פון נאַכט.

איך שטיי אויפן קאָפּ פון וואַשינגטאָן-באַרג
און קוק אויף דיין גבורה און גאַף.
ווי גרויס איז מענטש, ווי אייביק, ווי שטאַרק,
ווען דו, מיין ריז, ביסט זיין באַשאַף.



# אַ וויג־ליד אַזאַ

שלאָף שוין, שלאָף שוין, תכשיט מיינער,
איי לו לו, לו, איי לו, לו.
וויפל דאַרף איך צו דיר טענהן
ביז דו מאַכסט די אויגן צו?

זע נאָר, זע, די זון פאַרגייט שוין,
ס'וועט ניט העלפן דיין געוויין.
יעדעס עופהלע פאַרשטייט שוין,
אַז ס'איז צייט צו שלאָפן גיין.

האָסט געצוג געטאָן היינט שאָדן,
כ'האָב געהערט שוין פון די שכנים.
כ'פרעג: אין וועמען ביסט געראָטן?
כ'קאָן ניט לאָזן דיך ביי קיינעם.

האָסט אַ שויב אין קיך צעבראָכן —
מאַך די אויגן צו און שווייג.
שוין באַלד קנאַפּע דרייצן וואָכן,
אַז דער טאַטע דיינער סטרייקט.

כ'קום אַהיים פון שאַפּ אַ מידע,
און די ביינער טוען וויי,
דאַרף איך דיר נאָך זינגען לידער
און דערציילן מעשיות צוויי.

שלאָף שוין, שלאָף שוין, שלאָף שוין גיכער,
כ׳האָב קיין כוח צו דיר ניט מער.
האָסט צעריסן אַלע ביכער
און פאַרשלעפּט ערגעץ מיין שער.

אַ בחורעץ אַזאַ ווי דו
האָט שוין לאַנג געדאַרפט פאַרשטיין:
ווען דו לאָזט מיך ניט צורו,
וועל איך אין שאַפּ ניט קאָנען גיין.

שלאָף שוין, שלאָף שוין, תכשיט מיינער,
ווי לאַנג וועל איך דיך וויגן?
הערסט, עס גייט דער טאַטע דיינער
אַ מידער אויף די שטיגן.

ער וועט אַהיים ברענגען אַוודאי
די וואונדן און דעם טרויער.
פאַרוואָס עס בייזערט זיך דיין טאַטע
וועסטו פאַרשטיין אַמאָל געטרייער.

איי לו, לו, איי לו, לו,
לאָז דיין מאַמען שוין צורו.
איי לו לו, איי לו לו,
זע, עס טאָגט שוין ערגעץ וואו.

# נעכטנס, נעכטנס!

נעכטנס, נעכטנס — אָפּגעבליטע בלומען!
איר טראָגט מיין אומעט, ווי מיין פרייד.
כ'וואָלט איצט צעצויגן אייך, ווי גומע
און ווי אַ טעפּיך אויף מיין היינט פאַרשפּרייט.

כ'וואָלט איצט אין רגעם אין אַלטע זיך באַהאַלטן,
און דאָס ליד דאָס לויטערסטע פון זיי געהערט.
כ'וואָלט איצט אויפגעוועקט פאַרגליווערטע געשטאַלטן,
וואָס האָבן נעכטן מיך געפורעמט און גענערט.

כ'וואָלט איצט אויסגעשפּינט מיין אַלטע כאַטע,
מיט די ווענט, די געזונקענע, די פיר
און מיט אַלע כוחות אויסגעדונערט: „טאַטע!"
און ער זאָל ווי אַמאָל עפענען די טיר.

כ'וואָלט איצט די הויט די גרינע אויף דער ערד צעריסן,
ווי אַן אַלט פאַרשימלט שטיקל שטאָף,
און אַלע יידן, וואָס רופן און וועקן מיין געוויסן,
אויפגעוועקט פון שלאָף.

ס'איז דאָך ערגעץ־וואו אַ שאָטן כאָטש געבליבן
אויף די וויעס פֿון פֿאַרגאַנגענע מעת־לעתן.
אַ שאָטן און אַ זילב פֿון אַ זאָענטן, פֿון אַ ליבן,
וואָס אַקערט מיין זכרון, וואָס וויל ניט כ'זאָל פֿאַרגעסן.

אַ פֿריינט, אַ שוועסטער, אַ ברודער און אַ שכן,
וואָס האָט נעכטן מיך געצערטלט און געגלעט.
אַ וואָרט, וואָס האָט פֿאַרזייט אין מיר בטחון,
אַ קול, וואָס האָט פֿון זיג צו מיר גערעדט.

ערגעץ, ערגעץ ביי אַ טויער, אויף אַ ראָג
צאַפּלט נאָך און ציטערט נאָך געוויס,
אַ לעצטע טרער, אַ לעצטער בליק, אַ לעצטער זאָג,
אַ לעצטער סליאַד פֿון מידע, אויסגעצערטע פֿיס.

נעכטנס, נעכטנס — שיפֿן געזונקענע אין ים,
מיט כוואַליעס צייט פֿאַרגאָסן און פֿאַרדעקט.
כ'זוך אייך, ווי אַ פֿאַסטוך אַ פֿאַרצוקטע לאַם,
נאָר געפֿינען קאָן איך ניט צו אייך דעם וועג.

כ'וואָלט אַלע טרערן איצט פֿון רגעם אויסגעזויגן,
ווי אַמאָל מיין מאַמעס דאַרע ברוסט,
און ווידער אָנגעפֿילט דעם מדבר אין די אויגן,
טאָמער ווייִנען ווידער זיך פֿאַרגלוסט.

פון פאַרנאַכטן, פון ציטיקע און שטילע,
אויסגעריסן כ׳וואָלט איצט יעדן צאַפּל, יעדן ציטער
און ווידער אויסגעצאַנקט זיי, ווי אַ תּפילה
מיט יעדן קרעכץ פון מיינע גלידער.

איך ווייס, ס׳ווערט אין וועלט דאָך קיין זאַך ניט פאַרלאָרן,
וואו זשע קומט עס אַלץ אַהין,
דער נעכטן, דער היינט, די חכמה פון די יאָרן,
די ווייסקייט פון דעם שניי און פון בוים די גרין?

נעכטנס, נעכטנס — אָפּגעפּליקטע בלעטער,
איר הענגט נאָך אויף די בליצן פון מיין בליק.
איך וואַרט אויף פרילינג און קומען וועט ער,
נאָר די נעכטנס, וועט ער ברענגען זיי צוריק?



# איז געווען אַמאָל אַ הויז

איז געווען אַמאָל אַ הויז אויף קצב׳ישער גאַס.
אַן אַלטמאָדיש הויז, אין בלאָטעס פאַרזונקען.
וואַסער ט׳מען געהאַלטן אין אַ הילצערנעם פאַס
און טיי פון סאַמאָוואַר פון הייסן געטרונקען.

איז געווען אַמאָל אַ הויז — מיט יידן באַזעצט,
מיט יידישע קלאַנגען, מיט יידישן ניגון.
ס׳האָט אָפטמאָל אַ רעגן די סטעליע פאַרנעצט
און גענעכטיקט מיט קינדער, מיט קליינע אין וויגן.

ס׳איז געווען אַ הויז מיט אַ קעלער אַ טיפן,
מיט אַ בוידעם-שטיבל, מיט אַ גאַנעק, מיט לאָדנס.
ס׳האָט געשמעקט ערב-פסח מיט גענדזענע גריוון
און ערב-שבת מיט פיש, מיט יויך און געבראָטנס.

ס׳איז אַ ברונעם אַ רונדער געווען ביי דער זייט,
האָט דאָס געסל, דאָס גאַנצע דאָרט וואַסער געשעפּט.
געקריגט זיך, געשאָלטן פון צייט צו צייט,
זיך איבערגעבעטן און ווידער בשלום געלעבט.

ס׳איז געווען אַ הויז מיט קינדער מיט קליינע,
מיט שמאַטענע קליידעלעך, מיט באָרוועסע פיסעלעך.
ס׳האָט שטענדיק געהילכט מיט געלעכטערס, געוויינען
פון משהלעך, יאָסעלעך, חנהלעך, זיסעלעך.

האָט אַ קינד זיך ביים פענצטער געשטעלט אויף אַ שטול
און דורך די שויבן צו ווייטן געקוקט —
געזען האָט עס דאָרט דעם קלויסטער, די שול,
די לאַנקעס, די גרינע, דעם פּראָם און דעם בוג.

איז אַ קימפּעטאָרין צו קינד געגאַנגען שווער —
איז אַ שוועסטער, אַ ברודער געווען יעדער שכן.
ווער ס'האָט געהאָלפן מיט לאָזן אַ טרער
און ווער מיט וואַשן, מיט פּרעסן, מיט קאָכן.

איז געקומען אַ יום־טוב, אַ שמחה, אַ פרייד,
איז יעדער געווען פאַרנומען מיט זיך.
ווער ס'האָט זיך נייע מלבושים גענייט,
און ווער בלויז פאַרלאַטעט אַן אַלטע פּאָר שיך.

ס'האָבן אַלע ערב־פּסח, סיי רייך און סיי אָרעם,
גערייניקט, געלופטערט די שטרויזעק, די קישנס.
אין דרויסן צעשפּרייט די קליידער, די ספרים,
און די הויטן געשוינדן פון בענקלעך, פון טישן.

ס'זיינען קינדער דעם טאָג פון הויז ניט אַוועק,
פול איז דער הויף געווען מיט אַנטיקן.
ס'האָבן יאַטלעך געפּאַלמעסט די שמאַטענע פּעק
און אונטערגעזונגען אַ קינדערשן ניגון.

אַ קנעפּל, אַ טשוועקל, אַן אויסגעברענט קנייטל,
אַ זייגער אַן אַלטער, אַן ווייזערס, צעבויגן,
אַ שלעסל, אַ קעסטל, אַ זשאַווערדיק קייטל —
אַלץ איז אַן אוצר אין קינדערשע אויגן.

ביינאַכט האָט דאָס הויז ווי אַ כלה געלויכטן.
קינדער און גרויסע אין יום־טוב באַקליידט.
געשמעקט האָבן קיכן מיט קניידלעך, מיט יויכן,
געפלאַמט האָבן פענצטער מיט ליכטיקער פרייד.

האָט אַן אורח פאַרבלאָנדזשעט צו עמעצנס טיר,
איז — „אדרבה, קומט און וואַשט זיך, רב ייד.
עס פעלט ביי אַ קבצן גאָפּל־מעסער, געשיר?
איז נאָך אַ קוואָרט וואַסער און דער טאָפּ ווידער זידט.״

האָט ווער עמען דער וויין צום סדר געפעלט,
האָט יענער דעם יום־טוב פון טיר ניט פאַרטריבן.
ס׳האָט אַ קבצן צום טיש דעם ראָסל געשטעלט
און געמיינט, ס׳איז אַזוי אין די הימלען פאַרשריבן.

ס׳האָבן אַלע דעם סדר לויטן מנהג געפּראַוועט.
ווער מיט וויין, מיט פלייש און מיט פיש,
און ווער מיט אַ מצה און שוואַרץ טעפּל קאַווע
אין אַן אַלטער קאַפּאָטע, ביי אַ הינקעדיקן טיש.

ס׳איז פּסח דאָס הויז געגאַנגען אויף רעדלעך.
ס׳האָבן קיינעם קיין ניסים די וואָך ניט געפעלט.
ס׳זיינען ביי איינעם אין יויך צעגאַנגען די קניידלעך,
ס׳האָט ביים צווייטן אַ גוי זיך פאַר אַן אורח פאַרשטעלט.

נאָר דער נס ביים קצב רב פּייוול דעם פרומען
געווען איז דער גרעסטער אין יאָרן —
ס׳איז אליהו הנביא צו זיין סדר געקומען,
אויסגעליידיקט די כוסה און נעלם געוואָרן.

ס׳האָבן ווייבער דעם נס אויף טעלער צעטראָגן,
ס׳האָבן מאַמעס און קינדער ביז נאַכטיקער שפּעט
און יידן אין שול־הויף ביז העלע פאַרטאָגן
פון נס פון גרויסן מיט התפּעלות גערעדט.

ס׳איז דער נס אויף באַנען איבער שטעטלעך געפאָרן.
ווער ס׳האָט געהערט און געשמייכלט פאַרשייט,
ווער ס׳האָט ביי באָרד און ביי פּיאות געשוואָרן
און הייליק געגלויבט גאָר אַ לאַנגע צייט.

ווער ווייסט ווען ס׳וואָלט גענומען אַ סוף
צו די אַלע קללות איבער יידישע בערד,
ווען שרה זאַוולס זאָל ניט רעדן פון שלאָף
און רב זאַוול אַליין זאָל ניט האָבן געהערט.

ס׳האָט שרהלע מזיק ערב־פּסח באַשלאָסן
צו פאַרזוכן דעם טעם פון אמת׳ן ווייַן.
ס׳איז איר נמאס געוואָרן צו טרינקען דעם ראָסל
ביי זיך אין דער היים יאָר־אויס און יאָר־איין.

אויפן קצבֿ׳ס טיש האָט קיין זויין ניט געפעלט
און קיין פיש און קיין פלייש אינדערוואָכן.
האָט זיך שרהלע זאָוולם פאַר אליהון פאַרשטעלט
און געוואַרט ביז די טיר האָט געעפנט דער שכן.

ס׳האָט זאָוול געהערט מיט באַהאַלטענעם שמייכל,
געקוקט אויף שרהלעס פנים דעם העלן:
„הער נאָר אַן איינפאַל, הער נאָר אַ שכל!" —
נאָר דאָך איז דאָס שפּיצל אים דווקא געפעלן.

ס׳איז זאָוול געווען אַ ייד אַ פרומאַק.
פון יינגלווייז נאָך — אַ שייגעץ, אַ לץ,
ניט איינמאָל געכאַפּט פון טאַטן אַ פּסק
פאַר אָנטאָן ברילן אויף דער מאַמעס קעץ,

פאַר צוקלעפּן פּליגן צום רבינס טייטל,
פאַר וואַרפן שבת אין טייך אַריין שטיינער,
פאַר אָנטאָן אויף זיך דער רביצינס שייטל,
פאַר שטעלן אַ פּיסל דעם אַלטן רב היינעך.

ס'האָט זאָוולען זיך ווידער אַ שפּיל טאָן פאַרגלוסט
מיט די באַלעבאַטים די רייכע אין קלויז.
אויף מאָרגן האָבן אַלע אין געסל געוואוסט
דעם סוד פון דעם נס ביים קצב אין הויז.

האָבן זיך יידן געבייזערט, געמוסרט, געשטראָפט
און שפּעטער אין נס, ווי אין זאָוולען פאַרגעסן.
ווידער האָבן יידן אויף ניסים געהאָפט,
ווידער זיינען ווייבער אויף גאַנעקעס געזעסן.

באַלד איז אַ שמחהלע אונטערגעקומען:
אַ בר־מצווה, אַ תנאים, אַ חתונה, אַ ברית,
האָבן זיך יידן ווי קינדער אַרומגענומען
און געשלייפט אין דיל די פאַרשוואָלענע פיס.

ווי נאָר אַ שמחה איז יאָנקל געקומען,
יאָנקל דער קלעזמער, מיט זיין פידל און סמיק.
ס'האָט אים זיין מאַמע, די קראַנקע בלומע,
אַ יתום געלאָזן, אַ קינד נאָך אין וויג.

ס'איז יאָנקל מיט דלות געוועזן אַ צווילינג,
אַ פאַרשעמטער די טעג פון לעבן געשאָרן.
זיין בליק האָט געבליט מיטן אַכצנטן פרילינג,
זיין פּנים — פריש־געמאָלענער קאָרן.

יאַנקל פלעגט שפּילן אין פריע פאַרטאָגן,
די קינדער אין חדר מיט אַ ניגון באַגלייט.
יאַנקל פלעגט שפּילן אויף אַ ניכטערן מאָגן
ביז ס'האָט זיך דער טאָג מיט זיין פענצטער צעשיידט.

אויפן שפּיץ קאָפ פאַררוקט דאָס געקעסטלטע היטל,
וואָס פלעגט זיך מיט יאַנקלען קיינמאָל ניט שיידן.
אויף זיין ברוסט — די געליבטע, זיין פידל,
וואָס ער האָט נאָך קינדווייז גערישנט פון זיידן.

אויף יעדער שמחה פלעגט יאַנקל שפּילן
פון פריען פאַרנאַכט, ביז בלאָען באַגינען;
פאַר יונגוואַרג פּאָלקעס, פאַר אַלטוואַרג קאַדרילן
און אַמאָל פלעגט זיך יאַנקל אַ „פריילעכס" פאַרגינען.

יאַנקל פלעגט שפּילן מיט האַרץ, מיט געפיל
און די הערצער ביי מאַמעס צעריסן.
ס'פלעגן יידן צימבלען מיט די שטיוול אין דיל,
אויף טישן פלעגט טאַנצן דער אַלטער רב ניסן.

ס'האָבן טעכטער ווי שאָטנס געשוועבט אין אַ ראָד,
אויף יאַנקלען געוואָרפן פאַר'חלומ'טע בליקן,
און שטילערהייט געבעטן ביי גאָט,
ער זאָל אַזאַ חתן, ווי יאַנקל, זיי שיקן.

האָט זיך פּלוצים אויף צווייען צעריסן אַ סטרונע.
איז ווי אַ געשאָכטענער פויגל זיין פידל אַנטשוויגן.
האָבן יידן מיט קולות אינאיינעם געדונערט,
האָבן ווייבער מיט סאָפּראַנעם, מיט דינע געשריגן:

„שפּיל, יאַנקל, שפּיל!
ווי דיין זיידע עליו-השלום.
זעצט, יידן, מיט די פּיס אין דיל!
דאָס גאַנצע לעבן איז אַ חלום!"

יאַנקל פּלעגט שפּילן ניגון נאָך ניגון,
ביז ס'זיינען די מידע געפאַלן ווי פליגן
און מיט האַלב-פאַרמאַכטע, פאַרמאַטערטע אויגן
נאָך אַלץ דעם ניגון דעם זעלבן געצויגן:

„שפּיל, יאַנקל, שפּיל,
אַ לעבעדיקס, אַ פריילעכס!"

* * *

איז געווען אַמאָל אַ הויז, איז עס מער ניטאָ.
די ערד איז ווידער ערד. דער הימל ווידער בלאָ.
נאָר דאָס הויז און די יידן זיינען מער ניטאָ.

איז געווען אַמאָל אַ הויז מיט קינדער, מיט גרויסע,
מיט יידישן געלעכטער, מיט יידישן ניגון,
איז פון די נעמען געבליבן — אין אלף־בית די אותיות,
און פון קינדער — די שפּילצייג, די וויגן.

פון יאַנקלען איז געבליבן דאָס געקעסטלטע היטל,
פון דעם הויז — אַ חורבה מיט פאַר׳שרפה׳טע דילן,
נאָר אין קעלער באַגראָבן ליגט יאַנקלס פידל
און וואַרט, עס זאָל ווער אויף אים שפּילן.



# אויף רואינעס פון זשעלאַזנער בראַמע

(אַ באַגעגעניש מיט אַ וואַנזיניקער פרוי אין וואַרשע)

אויף רואינעס פון זשעלאַזנער בראַמע,
ביי די ראַנדן פון אַ וואַרשעווער באַגין,
שטייט אַן אַלטע אויסגעצערטע מאַמע
און פאַרקויפט דער וועלט שטיינערנע גאַרדין.

אַן אַלטע מאַמע — אַ ווערבע, אַ האַרבסטיקע ביים פלויט,
מיט הענט — צווייגן צוויי צו ווייטן אויסגעשטרעקט,
ווי זי וואָלט אַ סוד די חורבות שטיל פאַרטרויט,
ווי זי וואָלט דעם טאָג אויף שטיינער דאָ געוועקט.

איר קאָפּ איר מידער מיט שאַל אַרומגעדרייט,
אויף שטערן אַ טויב — אַ ווייסע פאַסמע האָר.
מיט בליקן מיט שטאַרע די מאַמע מיך באַגלייט
און בעט גאַרדינען קויפן, כ'זאָל ביי איר אַ פּאָר.

די שטיינדעלעך זי פוצט מיט פינגער פלינקע
און רופט די קונים און רופט זיי אויפן קול.
זי זעט די יידן פון מאַידאַנעק, פון טרעבלינקע,
זי זעט די וואַרשע נאָך, די אַלטע פון אַמאָל:

„קויפט, קויפט, קויפט, ווייבעלעך, גאַרדינען
פון ציכטיקן, פון לויטערסטן מושלין.
איר קאָנט אַזאַ מציאה ניט געפינען —
גילדוינעס, אַכט גילדוינעס אַן אַרשין."

זי רופט די קונים — שוואַרצע שאָטנדיקע ווענט —
און נידערט יעדע וויַיל אַראָפּ צו דר'ערד,
ווי זי וואָלט אַ פּנים אין אַ זעמדעלע דערקענט,
ווי זי וואָלט אַ קול אין שטיין פּלוצים דערהערט.

זי וואַנדערט צווישן חורבות מיט איר בליק
און וויַיזט מיר פון דער וויַיט אַ שוואַרצע קראָ:
„מיַין טאָכטער — שוין געקומען פון פאַבריק
און דער מאַן מיַינער שוין אויך אַוודאי דאָ.

„איך גיי שוין, טעכטערל, איך גיי!
מען דאַרף אַהיים לויפן, מאַכן ס'ביסל שפּיַיז.
אײדער איך גיב זיך דאָ אַ דריי,
גיט מיַין זינדל זיך פון שקאָלע אַ באַוויַיז."

זי נעמט די שטיינער די צעשיַיערטע צונויף,
מיט שטריק די שיך די צעפּאַלמעסטע פאַרבינדט,
געזעגנט זיך מיט חורבות אויפן הויף
און צווישן שאָטנס צווישן פינצטערע פאַרשווינדט.

זי שיקט אַ גרוס אין ווינט מיר פון צוויי זוילן
און אַ טויבן-שלאַק פון שטיקעלעך פּאַפּיר.
אַ טאָג האָט זי געהאַט היינט גאָר אַ וואוילן —
שטיינער דריי געקויפט האָב איך ביי איר.

# שמואליק

צווישן פעלדער, צווישן לאָנען
איז אַ קינדער־היים פאַראַנען.
און פון קינדער־היים אַ שפּאַן
פאָרט פאַרביי פאַרטאָג אַ באַן.

קוקן קינדערלעך דורך לאָדנס
אויף די שוועבנדיקע שאָטנס.
צי עס גייט אַ פּאַסאַזשיר
דאָ אַהער צו זייער טיר.

און זיי קוקן און זיי בעטן
ס'זאָל אַ מאַמע קומען גלעטן,
ס'זאָל אַ טאַטע צו דעם הויז
קומען, האַלטן אויפן שויס.

און זיי טרוימען און זיי האָפן
ביז זיי גייען ווידער שלאָפן,
נאָר איין שמואליקל בלייבט וואַך,
נאָר איין שמואליק היט דעם שליאַך.

וועמען זוכט ער, וועמען זעט ער
אין די צווייגן, אין די בלעטער?
ווען רופט ער, ווען גריסט ער
און די טרערן וואָס פאַרגיסט ער?

ס׳איז אויף שליאַך איעדער שאָטן
אין זיין מאַמעשי געראָטן.
ווער עס גייט נאָר פון וואָקזאַל,
טראָגט זיין מאַמעס שווארצן שאַל.

שמואליק, שמואליק דער קליינער
איז פון אַכט געבליבן איינער.
פון די שוועסטער, פון די ברידער
זינגען ווינטן טרויער־לידער.

ס׳וועט זיין טאַטנס שטילער ניגון
מער ניט ווארטן אויף די שטיגן.
ס׳וועט זיין מאַמע שוין ניט מער
קומען גלעטן אים אַהער.

ער וואָלט פאַרגעסן דעם באַגין
אויף די וועגן קיין לובלין,
ווען אים זי האָט אין טשעמאָדאַן
אַרויסגעוואָרפן פון דער באַן.

ער וואָלט פאַרגעבן און פאַרגעסן
אַלע פינצטערע מעת-לעתן,
ווען זי קומט איצט צו זיין בעט
און גיט אים כאָטש איין גלעט.

נאָר זי קומט ניט פון מאַידאַנעק.
ס׳קומט די זון בלויז צו זיין גאַנעק,
ווייל זי ווייסט, זי ווייסט מסתמא,
ס׳וועט ניט קומען מער זיין מאַמע.

צווישן פעלדער, צווישן לאַנען
איז אַ קינדער-היים פאַראַנען
און אַ קינד פון זיבן יאָר
מיט אַ קעפל גרויע האָר.



# אויף פּראַגער בריק

אויף פּראַגער בריק שלאָפֿט אַ באָרוועס ייִנגל.
זינגט אַ וויג־ליד אים די בלאָנדע מאַמע־ווייסל.
גיט אַ שטערן זיך אין הימל אַ צעפּינקל.
קומט צו חלום אים אַ קליין דאָרפֿיש הייזל.

אַ ווינטל קעמט דאָס בלאָנדע בינטל קרויזן
און ווי אַ הונט די גלידער זיינע לעקט.
די לבנה צירעוועט די לעכער אין די הויזן
און מיט פֿעדים גאָלדענע זיין לייב פֿאַרדעקט.

יעזוס אויף זיין ברוסט, ער אויף קאַלטן שטיין.
צוקאָפּנס חורבות פֿון אַן אָפּגעברענטער שטאָט.
קוקן בלייכע שטערן און קאָנען ניט פֿאַרשטיין
ווער פֿון זיי ס'איז גאָט.

שטילער, וועלט, האַלט דעם אָטעם דיינעם איין.
דיין יתום שלאָפֿט — דיין פֿאַסטוכל סטעפּאַנעק.
דיין יתום שלאָפֿט מיט יאָרן הונגעריקע ניין,
און זיין מאַמע אין די אויוונס פֿון מאַידאַנעק.

אויף הוילער באַנק דאָס קעפּל, דאָס געקרויזטע
ווי אַ נעסט אויפֿן דעכל פֿון זיין כאַטע.
ס'איז סטעפּאַנעקל אַנטלאָפֿן היינט פֿון קלויסטער,
ווייל צוריק איז נאָך פֿון שלאַכט ניטאָ זיין טאַטע.

ס׳האָבן טאַטעס זיך שוין לאַנג צוריקגעקערט
און שטייען איצט און שניידן שוין אין פעלד,
נאָר פון טאַטן זיינעם האָט קיינער ניט געהערט.
זוכט אים היינט דאָס יתומל אַליין אויף גאָרער וועלט.

וועט ער בראָדזשען איבער ווייסל׳ס אומעטיקע ברעגן,
פון בלאָען באַלטיק ביז די שנייאיקע קאַרפאַטן,
און ביי יעדן איינעם סטעפאַנעקל וועט פרעגן,
צי געזען האָט ווער ערגעץ־וואו זיין טאַטן.

אויף פראַגער בריק גליטשן זיך מאַשינען
און נעמען מיט זיך מיט דעם יתומס שלאָף.
עפנט ער די אויגן און וויל מיט זיי געפינען
די לאַנקע מיט זיין סטאַדע ווייסע שאָף.

קוקט אויף מיר סטעפאַנעקל מיט אויגן בלויע צוויי.
פאַרוואָרפט אַ קלומעקל אויף פלייצע מיט אַ שטאָק.
פאַרשאַרט די בלאָנדע קרויזן — אַ פרישע זשמעניע היי
און פרעגט ביי מיר ווי ווייט ס׳איז צום פאַרטאָג.



# ס׳האָט דער ווינט היינט גערעדט צו מיר יידיש

ס׳האָט דער ווינט היינט גערעדט צו מיר יידיש,
ווי מיין טאַטע, ווי מיין זיידע אַמאָל.
כ׳האָב געהערט און זיך גאָרניט געחידושט,
דערקענט כ׳האָב דאָס טרויעריק קול.

אַזוי האָבן יידן גערעדט אין דער קלויז,
אין גאַס, אויפן מארק, ביי די קראָמען.
אַזוי האָבן מאַמעס גערעדט אין אַ הויז
נאָך מגפות, לוויות, פּאָגראָמען.

אַזוי פלעגן רעדן קינדערלעך קליינע,
וואָס האָבן מיט מיר געשפּילט זיך אין הויפן.
אַזוי האָט געיאָמערט מיין שכן, מיין שכנה,
ווען זיי פלעגן פון שרפות פון וויסטע אַנטלויפן.

אַזוי האָבן מאַמעס אין בעטן געקלאָגט
ווען זיי זיינען שווער געגאַנגען צו קינד.
אַזוי האָט אַ יתום דאָס ערשטע מאָל קדיש געזאָגט.
אַזוי האָט דער צער פון מיין פאָלק זיך געשפּינט.

איך קען עס, דאָס קול. איך קען עס פון יאָרן
ווען כ׳פלעג אויפן בויך נאָך קריכן אויף דר׳ערד.
איך קען עס, דאָס קול פון אייביקן צאָרן —
כ׳האָב עס אויפסניי אין ווינט היינט געהערט:

„מיר זיינען דאָס אַש פון טרעבלינקע,
איר קאָנט שוין קיין טיר פאַר אונדז מער ניט פאַרשליסן.
מיר קומען פון ווייטן אויף פליגל, אויף פלינקע,
מיר קומען, מיר וועקן, וועלט, דיין געוויסן.״

איך קוק אויף די רויכן פון קוימענס פאַרגרויטע.
איך קוק אויפן שטויב פון צעריסענע צוויטן.
כ׳זע דאָס אַש דאָרט פון זעקס מיליאָן טויטע.
אָ, וועלט, דו אַטעמסט מיט יידן!



# די וועלט, זי לויפט מיר נאָך!

וואַלד — קלוגער, שוויַיגנדיקער זקן —
קליין, צאַרט, שטיפעריש קינד.
עס שערט דער האַרבסט דיר אַלע יאָר די לאָקן,
נאָר דיין גבורה ווידער גרינט.

איך קום צו דיר, ווילדע, וואַלדיקע גרין,
פון אַ קראַנקער, צוקנדיקער וועלט.
איך וויל פאַרגעסן ווער איך בין,
און לאַכן, ווי ס׳וואָלט מיר קיין זאַך ניט געפעלט.

איך וויל אויפסניי געבוירן ווערן
אויף גרינעם מאָך, צווישן די שוואָמען.
ניט זען אין פרימאָרגן־טוי קיין טרערן,
און פאַרגעסן, אַז ס׳איז מענטש מיין נאָמען.

איך וויל זיין אַ בוים און וואַקסן אינעם וואַלד,
זיך ציען צו דעם בלאָען, סאַמעטענעם דאַך,
ניט זען דעם האַרבסט, ווען אַ בלעטל פאַלט,
ניט הערן, ווען דער מלאך־המות לאַכט.

איך וויל אויףביימער טאָן אַ קלעטער,
ווי אַמאָל, ווען געווען בין איך אַ קינד,
הערן, ווי עס קריגן זיך די בלעטער
מיט דעם לעצעוואַטן ווינט.

איך וויל מיט וואַלד ווערן אַ צווילינג,
טרינקען טוי, ווי פרישן ביר.
איך וויל איינשלינגען דעם פרילינג,
און זאָלן פייגל אַרויסזינגען פון מיר.

כ׳לויף אין וואַלד יעדן באַגינען,
כ׳קוק אַרויף צו הימלדיקער בלאָ.
כ׳זוך אַ ווינקל, ס׳זאָל די וועלט מיך ניט געפינען,
נאָר אַזאַ ווינקל איז אין ערגעץ הײַנט ניטאָ.

אַמאָל האָט וואַלד, ווי אַ מאַמע, מיך פאַרוויגט,
די אומרו פון מײַן בלוט אַרויסגעזויגן,
הײַנט שרעקט מיך וואַלד און שטיקט.
הײַנט הער איך דאָ — מלחמה־פּויקן.

בערג — איבערגעקערטע טאַנקען,
ביימער — געפאַנגענע סאָלדאַטן.
איך הער אין וואַלדס געזאַנגען
דאָס קרעכצן פון מײַן גוססדיקן טאַטן.

מאַמעס וויינען אין פאַרטאָגן.
קינדער הענגען אויף די וויעס פון דער זון.
עס פירט דער ווינט אַ טויטן־וואָגן,
און איך לויף נאָך און זוך אַ רגע רו.

עס רעדט און זינגט און לאַשטשעט זיך צו מיר דער וואַלד,
נאָר איך הער אין אַלע צווייגן — טריט פון שונאים.
איך זע דעם טויט אין יעדן בלעטל־פאַל,
איך הויב עס אויף און זע אַ געל פאַטריקנט פּנים.

ווערט די שטילקייט מיר אַ פּאַנצער,
און דאָס גראָז — אַ ברענענדיקע וויג.
איך וויל, עס זאָל דער וואַלד דער גאַנצער
גיין מיט מיר אין קריג.

זאָלן טויטע אין די קבֿרים שווייגן,
זאָלן קראָטן אין די נאָרעס ליגן;
איך וויל אַ טרייסל טאָן די גלייכגילטיקע צווייגן,
איך וויל מיט וואַלד מיט שטילן זיך צעקריגן.

וואַך אויף, וואַלד! הער אויף טרוימען,
זע די וואָלקנס, זע, די רויטע.
איך פרעג אייך, אַלטע, קלוגע ביימער
ווילט איר ווערן אָרונס פאַר אַ וועלט מיט טויטע?

שווייגט דער וואַלד, שווייגט דער גרינער,
קוואַקען זשאַבעס אין דעם מאַמעדיקן מאָך.
אין האַרצן ברענט אַ שנאה.
די וועלט, זי לויפט מיר נאָך!

# די דאַמע מיט די טויבן

יעדן בייטאָג אויף דערזעלביקער באַנק
קאָרמעט אַ דאַמע אַן אַלטע די טויבן.
זי זיצט דאָרט פאַר'חלום'ט שעה'ן־לאַנג
מיט אַ הוט — אַ שירעם באַוואָקסן מיט טרויבן.

יעדן בייטאָג אין דערזעלביקער צייט
קומט זי אַהער אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן.
עס דערקענען זי טויבן שוין העט פון דערווייט
און פליען איר פריילעך אַנטקעגן.

ווינטער אין מאַנטלען, אין פוטערנע, לאַנגע.
זומער אין קליידער פון לויטערן זייד.
מיט צירונג איר האַלדז איר דינער באַהאַנגען,
קומט זי אַהער אין דער זעלביקער צייט.

זי זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקל אַ שטילן,
קאָרמעט די טויבן און קוועלט.
זי קומט זיך אַהער מיט די טויבן פאַרשפּילן,
פאַרגעסן אין מענטש און אין וועלט.

עס נעסטלען זיך טויבן אויף אירע צוויי אַקסלען
און פּאַכען מיט פליגל, ווי בלעטער אין ווינט.
די דאַמע — אַ בוים מיט טויבן באַוואַקסן,
ביז ברעקל, ביז לעצטער אין האַנט אירם פאַרשווינדט.

זי רעדט צו די טויבן מיט צערטלעכע רייד
און גלעט זיי מיט פינגער מיט דינע.
זי קושט זיי די טויבן מיט קינדערשער פרייד
און קוקט אויף די מענטשן מיט שנאה.

זי רעדט צו די טויבן ווי צו געליבטע אַמאָל.
די אויגן די בייזע צעגייען אין גנאָד.
זי רעדט צו די טויבן מיט אַ פאַרליבט מיידלש קול,
און קוקט אויף די קינדער מיט שפּאָט.



# זאַלבעפּערט

טאָג־איין טאָג־אויס אינדערפֿרי
גייען ביידע — ער און זי.
צוויי פֿאַרפּוצטע אַלטע לייט
מיט הינט צוויי גרויסע ביי דער זייט.

סיי אין זומער, סיי אין ווינטער
טראָגט ער שטענדיק זיין צילינדער,
אַ ראָק פֿון האָריקן געוואַנט
און אַ שטעקן אין זײַן האַנט.

זי — אין שוואַרצן אָנגעטאָן
מיט אַ הוט פֿון רויטן מאָן,
מיט האַנטשן שניי־ווייסע אַ פּאָר
און אַ זיבן צענדליק יאָר.

ביידע גייען זיי שפּאַצירן,
נאָר די הינט דאָס פּאָרל פֿירן,
און די זקנים גייען נאָך
יעדן טאָג אַזוי אין וואָך.

ביידע הויך און אויסגעצערט.
ביידן ציט שוין צו דער ערד.
ביידע ציילן שוין די טריט,
נאָר די הינט, זיי לאָזן ניט.

פריילעכע צוויי הינט קודלאטע,
אויסגעוואַשענע און זאַטע.
אויף יעדנס האַלדז אַ לעדער־באַנד,
ווי פערד אין וואָגן איינגעשפּאַנט.

ווען די הינט זיך שטאַרק צעבילן,
טוט ער אויס די שוואַרצע ברילן,
און ער גלעט זיי לאַנג אַזוי
ביז ס׳פאַרשטומט זייער געוואוי.

טאָג־איין טאָג־אויס אינדערפרי
גייען ביידע — ער און זי
און רעדן קיינמאָל ניט קיין וואָרט —
פאַר הינט די ליבשאַפט אָפּגעשפּאָרט.



# אַ זיידע — אַ יתום

ס'יאָגט זיך די לבנה און קאָן אונדז ניט דעריאָגן.
זי האָט די באַן פאַרשפּעטיקט היינט געווים.
באַלד, אָ, באַלד וועט ווידער נעמען טאָגן,
נאָר גיין וועט זי שוין היינט אַ גאַנצע נאַכט צופוס.

אַ פלעמל הוידעט זיך אויף בלייכע פּאַסאַזשירן,
און געלע לאַטעס אויף ווענט אויף שוואַרצע שפּרייט.
יונגע סאָלדאַטיקעס אין צעכראַסטעטע מונדירן
ליגן אויפן דיל ווי סנאָפּעס איינגעדרייט.

אַ מאַמע מיט אַ קינד פאַרפּלאָנטערט אין אַ קנויל.
איר ווייסע ברוסט — אַ לבנה אין פינצטערן וואַגאָן.
זי לייגט עס צאַרט אַריין אין קינדס פאַרוויינטן מויל
און מורמלט האַלב-פאַרשלאָפן אוים: „פּאַרדאָן".

די נאַכט האָט יעדערן דערנענטערט און פאַרוויגט.
אַלע, אַלע ליגן ווי פאַרטשאַדעטע און שלאָפן.
נאָר איין זיידע ביי טיר ביי סקריפּענדיקער ליגט
און האַלט די גאַנצע נאַכט די אויגן זיינע אָפן.

זיין קאָפּ, זיין גרויער אויף אַלטן טשעמאָדאַן.
אויף שליאַכן אויף ווייטע זיין בלאַנדזשענדיקער בליק.
פּאַראוים, פּאַראוים יאָגט דורך נאַכט־טונעל די באַן,
נאָר דער זיידע פּאָרט דעם גאַנצן וועג צוריק.

אַ זיידע — אַ יתום, צווישן טרויער, צווישן עלנט אינדערמיט —
אַ ברעט פון אַ שיף אַ געזונקענער אין ים.
אַ ליולקע אַ פּאַרזשאַווערטע לאַנגזאַם ער פּאַרציט
און זעט אין רויך נאָך אַלץ די ווײַב זײַנע און קינדער מן־הסתם.

די רעדער רעווען אוים דעם הונגער פון שאַקאַלן.
דער וויכער גייט מיט רעדער אין געוועט.
און מיך אַ בענקשאַפט האָט צו אַלטער היים באַפאַלן,
האָב איך צום זיידן זיך דערנענטערט און צערעדט.

— זיידע, זיידע! — איז געווען דאָס ערשטע וואָרט, —
ס׳קאָן דער וויכער נאָך צעפּראַלן ברייט די טיר!
און געענטפערט האָט דער זיידע קעמענדיק די באָרד:
„ועט זיין ווייניקער אין באַן אַ פּאַסאַזשיר.״

ער רוקט זיין קלומעקל צו מיינעם נענטער צו
און רוימט אַ סוד מיר שטיל אַריין אין אויער:
„וואו קאָן איך פאַלן נאָך, אַוואו?
איז דען אַ טאָל פאַראַן אַ טיפערער פון טרויער?״

— בטחון איז אַ טאַטע — זאָג איך שטיל צום זיידן,
וואויל איז דעם וואָס האָט אים ניט פאַרלאָרן.
ס'ווילט זיך דער מיט וועלט מיט ליכטיקער ניט שיידן,
וואָס געגעערט האָט זי מיט בלוט זיינעם דורך יאָרן.

ס'קוקט אויף מיר דער זיידע. דאַכט זיך, אַז ער ווייסט
שוין אַלץ, שוין אַלץ, וואָס איך וואָלט וועלן זאָגן.
אַ טרער אין בליק מיינעם האָט ווייטער אים געטרייסט
און די זון, די זון וואָס וועט אונדז באַלד דעריאָגן.



# מיין מאַמעס הענט

שטילערהייט זיינען מיר געגאַנגען צו דער באַן,
ווי מען גייט מיט אַ מת צום הייליק־אָרט.
אויף מיינע הענט — אַ קלומעקל, אַ טשעמאָדאַן,
אויף מיין מאַמעס — אַ זילב פֿון אַ גוט וואָרט.

שווייגנדיק האָט מיין מאַמע מיך געפֿירט,
ווי זי וואָלט מיך קיינמאָל ניט געקענט,
נאָר ווען די באַן האָט זיך גערירט,
האָט זי מיטגעשיקט מיר אירע ציטערדיקע הענט.

צען יאָר, צען לאַנגע זיינען שוין אַוועק.
פֿון מיין היים געבליבן זיינען נאָר די ווענט.
פֿון מיין שטאָט — אויף דער מאַפּע בלויז אַ פֿלעק,
נאָר אייביק צאַפּלען פֿאַר די אויגן מיר צוויי הענט.

צוויי ווייסע הענט באַגלייטן מיך פֿון פֿרי ביז שפּעט
און לאָזן אויף אַ רגע מיך ניט אָפּ, —
אָט ווערט אַ מויל פֿון יעדער האַנט און רעדט,
אָט וואַקסט אויף זיי אַרויף מיין מאַמעס בלאָנדער קאָפּ.

צוויי הענט, צוויי בלייכע ציִען זיך צו מיר
און וואַקסן אויס אויף מיינע גלידער.
כ'שטיי אויף פֿון שלאָף מיט הענט, מיט צאַפּלדיקע פֿיר
און גיי מיט זיי אַנטקעגן שטורעם און געוויטער.

# מיין מאַמע

מיין מאַמע אויפֿן דלות־ים — אַ שטילע, זינקענדיקע שיף,
געשוואומען און געזונקען מיט יעדן גייענדיקן יאָר.
די בלויע אויגן אין פּנים איינגעגראָבן טיף.
אין אַ שאַל, ווי אַ גנבֿה, באַהאַלטן אירע האָר.

אַ קללה אויפֿן לעבן געטראָגן אין די אויגן.
אויף די ליפּן — צאַרטע, ניט אַרויסגעזאָגטע רייד.
אייביק האָט אַן עופּה׳לע איר ברוסט איר ליידיקע געזויגן
און אַ חבֿרה קליינוואַרג אין די פֿאַלדן פֿון איר קלייד.

אַזוי איז זי געגאַנגען צו איר אייביקער לוויה,
ווי אַ שוואַרצער, גייענדיקער אָרון.
מיט די חובֿות אויפֿן קאָפּ, וואָס זי פֿלעגט אויף יעדן שבת לייען,
מיט די שאָטנס אויפֿן פּנים פֿון אַלע הונגעריקע יאָרן.

מיין מאַמע — אַ הויכער, גייענדיקער קליידער־באַרג,
מיט אַלטע מאַנטלען, מיט אַלטע הויזן, מיט אַלטע אָפּגעפּוצטע רעק.
פֿון קראָם צו קראָם געשלעפּט זיך אויפֿן בריסקער מאַרק
און אַ שליסל דאָרט געזוכט צו אַלע הונגעריקע טעג.

ווינטער אין קאַלטע, קוויטיקע פאַרטאָגן,
ווען ס׳איז באַגינען נאָך אויף בערג־בריסטן געשלאָפן,
האָט זי די פעק שוין אויף די פּלייצעס, די צעבויגענע געטראָגן,
און מיט זיי אין מאַרק אַריין אין פינצטערניש געלאָפן.

מיט אַלץ האָט זי געהאַנדלט, פון אַ טאָפּ ביז אַ טעלער,
פון אַ רעטאָנדע ביז צעקרימטע שיך.
פון הויף צו הויף, פון אַ בוידעם ביז אַ קעלער
איז זי געגאַנגען און די קראָם געשלעפּט אויף זיך.

אַזוי איז זי געגאַנגען און געטאַשטשעט אירע יאָרן
ווי אויף די פּלייצעס די שווערע פעק, דעם שווערן יאָך.
אַזוי איז זי געגאַנגען און קינדער גייענדיק געבאָרן
און גאָט געדינט אין טאָג אין לעצטן פון דער וואָך.

יעדן אויפדערנאַכט אַהיים געבראַכט אַ קרעכץ,
אַ בינטל שפּענער פאַרן גסיסהדיקן אויוון,
אַ פּאָר ביינער פאַרן טאָפּ וואַסערדיק געקעכץ
און אַ קללה אויף די גבירים, וואָס דינגען זיך ביים קויפן.

די וועטשערע אין שיסעלעך אין ליימענע צעגאָסן,
און ברכות מיט די ליפּן אָפּגעזאָגט אַ פּאָר.
האָט אַ קינד אַמאָל אינמיטן וועטשערע גענאָסן,
האָט זי קוים אַרויסגעזיפצט: „צו לאַנגע יאָר!“

מיין מאַמע, מיין בלאָנדע, שוויינגדיקע מאַמע,
מיט עופה'לעך מיט הונגעריקע צען,
פלעגט אין באַהעלטעניש די האָר די זוניקע פאַרקאַמען,
אַז קיינער זאָל חלילה ניט דערזען.

ס'איז מיין בלאָנדער מאַמען די וועלט געווען פרעמד
און געשראָקן האָט דער טאָג זי און די זון.
די קינדער די אייגענע פון ווייטן נאָכגעקוקט פאַרשעמט,
ווי אויפן טייכל קינדער־קאַטשקעלעך — אַ מאַמע־הון.



# טאַטע

טאַטע, ס'האָט היינט דער פרילינג צו דיין קבר מיך געבראַכט.
פאַרוואָס איך בין געקומען, ווייס איך ניט גענוי.
דו ביסט ניט טויט. האָסט בלויז די אויגן דיינע צוגעמאַכט
און אָפּרוען געלייגט זיך, גלאַט אַזוי.

שטיי אויף, טאַטע, כ'וויל זיך ווידער מיט דיר קריגן
וועגן מענטש, וועגן וועלט ווי אַמאָל,
נאָר דו ביסט עקשנותדיק אַנטשוויגן
און הערסט ניט מער מיין קול.

דיין קבר — פריש און יונג ווי אַמאָל דיין וואָרט.
ביי דיין צוקאָפּנס האָט שוין צעעפנט זיך דער בעז.
אויף דיין פּנים וואַקסט אַ גרינע באָרד.
און דו ביסט טויט, נאָר איך פאַרגעס.

אויף דער מצבה שטייט אַ טויב, אַ מידע.
אפשר וויל זי בויען דאָ אַ נעסט,
ווי דו אַמאָל נאָך אַ פּאָגראָם אין דער אַלטער ליטע.
זי האַלט אַ צווייגל אין איר מויל. דו זעסט?

דו שווייגסט און איך גלויב ניט, ניין.
דו ביסט נאָך דאָ. דו ביסט נאָך דאָ.
איך זע דיך ביי מיין פענצטער שטיין
יעדן טאָג אין זעלבער שעה.

כ׳טרעף דיך אָפטמאָל זיצן ביי מיין טיש
און לערנען מיט התמדה די גמרא.
איך הער ווי דיין האַנט די בלעטער מישט.
איך זע די אויגן דיינע, קינדערשע און קלאָרע.

טאַטע מיינער, קלוגער, שווייגנדיקער טאַטע,
איך טראָג דיין אומרו אין מיין יעדן גליד,
און דעם האַס צו בעל־גאווה׳ס און צו זאַטע,
און כ׳וועל, ווי דו, קיינמאָל גלויבנדיק ניט מיד.

נאָר געראָטן בין איך דווקא ניט אין דיר,
מיר גלוסט זיך אַלצדינג וואָס איך זע.
כ׳וויל ס׳זאָל יעדער איינער לעבן ווי רב שלום דער גביר.
פאַר מיר איז די וועלט גאָרניט מיאוס און גאָרניט „פע”.

דו, מיין פרומער, שווייגנדיקער טאַטע,
האָסט גאָרניט פון דער וועלט, פון „דער” געוואָלט.
האָסט דאָס לעבן דיינס געטראָגן ווי אַ געלע לאַטע,
און פאַר אַ שטיקל לוויתן ס׳גאַנצע לעבן דיינס געצאָלט.

טאַטע, טאַטע, געווען ביסטו אַ קבצן — אַ גביר.
פון יעדער וואָך פאַרמאָגט האָסטו דעם שבת,
אַ בענקל אין בית־מדרש ביי דער טיר
און אַ טשעמאָדאַן געפּאַקט מיט עולם־הבא.

ביסט שטענדיק מיט דער וועלט געווען צופרידן:
אַ שמייכל אויף די ליפּן פאַר יעדערן געהאַט.
פלעגסט פריילעך מאַכן אַלע אומעטיקע יידן
און דיינע קינדער מיט מעשיות מאַכן זאַט.

געווען ביסטו אַ טרוימער, אַ פּאָעט,
און ס׳האָט קיינער ניט געוואוסט פון דיין טאַלאַנט.
פלעגסט זיצן פּסח אויף דיין העסע־בעט
און געמיינט, ביסט אַ קייסער פון אַ לאַנד.

אַ פאַנטאַזיע געהאַט האָסטו אַ גרויסע.
דעם באָרשט דעם רויטן ווי ווייַן האָסט חשיבותדיק געגאָסן.
יום־טובדיק דערלאַנגט די אַרבע כוסות
און געזען אין שטיקל שלייען — אַ חלק לוויתן.

געווען ביסטו אַ מלך יעדן פּסח ביי דעם סדר,
ביי אַ טיש מיט מרור און מיט פּרעה׳ס קללות.
אין אַלטן קאַפּטן ביסט געזעסן אַ דערפרייטער
און די לעכער ניט געזען איןביידע פּאַלעס.

געפרעגט האָב איך די קשיות ווי עס שטייט אין דער הגדה
און קשיות אייגענע האָב איך געפרעגט ביי דיר,
נאָר דו געענטפערט האָסט, אַז אַלץ איז „בלאָטע“ —
די וועלט איז נאָר צו יענער אַ טיר.

עס קלינגט מיר נאָך אין אויער יעדעס וואָרט.
מיר דאַכט זיך אַז דו הערסט, מיר דאַכט זיך אַז דו זעסט.
דאָס ווינטל קעמט דיין גרינע באָרד
און דו ביסט טויט, נאָר איך פאַרגעס.

טאַטע מיינער, שווייגנדיקער, יונגער גרייז,
ס'האָט זיך פרילינג אין דיין קבר איינגעוועבט.
קום אַרויס פון קבר און באַווייז,
אַז שטאַרבן קאָן נאָר דער, וואָס האָט פאַר זיך אַליין געלעבט.



# זעלבסט־פּאָרטרעט

כ׳בין נים קיין צאַרטע דאַמע,
און פֿאָר נים אויף די פֿליגל פֿון דעם ווינט.
כ׳טראָג דעם יאָך פֿון לעבן, ווי מיין מאַמע.
איך בין דער וועלטס אַ דלות־קינד.

ס׳איז צאַרט און דין אַ שפּין־געוועב,
נאָר די שפּין אַליין איז גראָב.
איך בין אַ פֿאָדעם־קנויל, קייקל זיך און שלעפּ
דעם שטויב פֿון באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ.

איך בין פֿאַר׳עקשנ׳ט ווי דער קוואַל,
וואָס ראַנגלט זיך מיט שטיינערנעם גראַניט.
איך הויב זיך אויף נאָך יעדן פֿאַל
און זינג נאָך הילכיקער מיין ליד.

ס׳האָבן ווייכע שטולן און דינער זייד
מיין לייב, מיין צאַרטן נים געגלעט.
ס׳איז דער שטורעם פֿון מיין שטרענגער צייט
געווען דאָס וויג־ליד ביי מיין בעט.

„הונגער” איז דאָס ערשטע וואָרט,
וואָס כ׳האָב אין וויגל נאָך דערהערט.
דעם שניי דעם ערשטן אויף מיין טאַטנס באָרד
האָב איך אַליין מיט הענטלעך דאַרינקע פאַרקערט.

ס׳האָט „נויט” מיין מאַמע מיך גערופן
און פון קינדווייז אָן מיט מיר געקנעלט,
אַז אַ פרוי, אַ נישטיקע איז נאָר באַרופן
דעם טרערן־כוס פאַרפילן אויף דער וועלט.

כ׳האָב אין הונגער, אין דלות זיך געכאָוועט.
און ניט געהאָלפן ס׳האָט מיין מאַמעס קנעלן:
צו זיין אַ פרוי איז גאָר פאַר מיר אַ כבוד,
און די וועלט, די וועלט, איז שטענדיק מיר געפעלן.



# ווינט אַמאָל

ווינט אַמאָל אַ בוים, וואָס שטייט אין מאַרק
צווישן חורבות, צווישן מיסטן, צווישן קויט?
ציט אים ניט צום פעלד, צום וואַלד, צום באַרג,
וואו ס'זינגט די ערד, וואו הימל בלויט?

ווינט אַמאָל אין בלומען־טאָפּ אַ קווייט,
און לאָזט אויף שויב אַ שטומע טרער?
ציט זי ניט צו גרינער בייט,
אין פרייען פעלד, אויף מאַמע־ערד?

ווינט אַמאָל די זון, ווען זי פאַרגייט
און פאַלט אַראָפּ אין טיפן טאָל?
ווינט אַמאָל אַ לאַם שטילערהייט,
ווען מען שערט איר אָפּ די וואָל?

ווינט אַמאָל אַ פויגל אין אַ שטייג,
וואָס האָט אַ דאַך, אַ היים און קעסט?
ציט אים ניט צו גאַס, צו בלאַט, צו צווייג
און צו אַ בוים מיט פרייער נעסט?

ס׳קאָן זיין זיי וויינען, ס׳קאָן זיין אַז ניט,
נאָר ס׳איז קיין טרער־ניט אַזוי ביטער
ווי אַ פּאָעטס אין שאָפּ, ווען ס׳הארץ זיינס ציט
אַהיים צו זיינע לידער.

עס זיצט אַ פּאָעט אין שאָפּ און היט,
ווי דער טאָג ביי אים צערינט.
עס וואַרט אין הויז אויף אים אַ ליד
און ס׳וואַרט אויף ברויט זיין ווייב און קינד.

ער זעט ווי ס׳שטאַרבט אין שאָפּ זיין ליד
און ווערט דערטרונקען אין זיין טרער,
נאָר קיינער זעט די טרערן ניט,
אַחוץ דער נאָדל און דער שער.



# דאָס לעבן

דאָס לעבן איז אַ צווילינג
פון אַ האַרבסט מיט אַ פרילינג.
איינער טראָגט דעם צווייטנס זאָמען.
איינער לעבט אין צווייטנס נאָמען.

ס'איז יעדער יאָר — אַ בוים אַ גרינער,
מיט וואָרצלען פון אדם הראשון.
פליק איך טעג ווי מיין מאַמע פעדערן פון הינער,
און גרייט ווי זי פאַר קינדס קינדער די קישנס.

איך ריים פון לעבן אוים די רגעס,
ווי אַמאָל אין פריצס סאָד די באַרן.
איך בינד מיט טעג די ווייטסטע שטרעקעס,
און טראָג זיי ווי אַ שווערד קעגן געפאַרן.

עס פאַלן טעג ווי געלע בלעטער,
נאָר קיינער ווייסט ניט ווען ס'איז האַרבסט.
דער ווער ס'לעבט, קעמפט און קלעטערט,
זעט ניט ווען אַ רגע שטאַרבט.

# זיי ווילן ווערן לידער

די לבנה אין מיין פענצטער — אַ רויט־צעעפנט מויל.
די שטערן — אַ ים מיט גאָלדענע קנעפּ.
פאַר מיינע אויגן וויקלט זיך אַ יאָרן־קנויל.
אויף כוואַליעס פון זכרון — שווימען קעפּ.

עס פאָרט מיין פען אויף שניי־ווייסן פּאַפּיר.
די וועלט, די נאַכט זיינען אַנטשוויגן,
נאָר ס׳הערט ניט אויף דאָס קלאַפּן אין מיין טיר,
און טריט מיליאָניקע אויף מיין שטיגן.

עס גייען העלדן פון היינט און פון אַמאָל.
עס קרעכצן אַלטע, צעבראָכענע געמיטער.
איך הער אַ שטיל פאַרדומפּן קול :
„מיר ווילן ווערן לידער !"

עס שווימען לידער אין מיין טינט,
אויף מיינע ווענט, אין יעדן ווינקל.
דאָ אַ מאַמע מיט אַ קינד,
דאָרט אַן איינזאַם נעגער־יינגל.

לידער, לידער, פאַראַנקערטע צו מיר
ווי שיפן צו אַ האַפן.
און איך פּאָר אויף די רעלסן פון פּאַפּיר
און וויל זיי אַלעמען באַשאַפן.

נאָר די נאַכט, די נאַכט, דער שוואַרצער טייוול —
זי שיקט צו מיר דעם כּישוף-מאַכער שלאָף.
פאַרשטומט מיין פען — דאָס זינגענדיקע פייפל,
און איך שלאָף-איין צווישן לידער, ווי אַ פּאַסטוך צווישן שאָף.



# מיין ביכער־שראַנק

מיין ביכער־שראַנק — אַ תיבה
מיט העלדן פון יעדן דור, פון יעדן מין.
זי פירט די וועלט פון מענטשנס ערשטן שבת
ביז דעם לץ דעם לעצטן פון בערלין.

עס פאָרט אַן אָפּענע געשיכטע
אויף די רעלסן פון שניי־ווייסן פּאַפּיר.
עס פאָרן העלדן, מערדער, ריכטער
און שטעקן קעפּ אַרוים צו מיר.

אַלטער דור האָט נייעם דור אַרומגענומען.
אַלטע וועלט האָט נייע וועלט דעריאָגט.
ס'איז אָדם הראשון קיין אַמעריקע געקומען
און וואוינט מיט מיר אויף צענטן שטאָק.

פּושקין, וויטמאַן, שעקספּיר און טאַגאָר
זיינען איצט געוואָרן שכנים.
איך, אַ קינד פון אַ נייעם דור,
וואוין מיט זיי אינאיינעם.

איך קוק מיט וואונדער אויף מיין תיבה.
איך גלעט די העלדן פון אוראַלטן אוראַלט.
כ׳וועק אויף פון שלאָף יהודה הלוי
און שפרייז מיט אים אין ביכער־וואַלד.

כ׳קוק אויף דעם זיידנס פּאַסאַזשירן,
זיי שלאָפן אויף בערגעלסאָנס וואָקזאַל.
עס וויל זיך קיינער מער ניט רירן.
יעדער ווייסט שוין זיין שיקזאַל.

עס פאָרן דורות צווישן אַלטע בלעטער.
עס לעבט אַ וועלט אין מיינע ווענט.
איך איבער דורות, ווי אַמאָל אויףביימער, קלעטער
און גיב מיט העלדן מיט ווייטע זיך די הענט.



# ווי לאַנג ס'וועט לעבן אויף דער וועלט איין ייד

ס'טרעפט אַמאָל אין אומעטיקע רגעס
איך שפּרייז אויף גאַסן אַ פאַרשעמטע.
כ'וואָגל אוים די ווייטסטע שטרעקעס
און אַלע, אַלע זיינען פרעמדע.

ס'האָט קיינער מיך אַהערצו ניט פאַרבעטן.
ס'האָט קיינער ניט געשיקט מיר קיין בילעט.
עס קוקן אויגן מיט קאַלטקייט פון פאַרטרעטן.
ווער דאַרף פון זיי אַ יידישן פּאָעט?

אַנטלויף איך פון דער שטאָט מיט מיין געמיט.
אַנטלויף איך פון דעם אייביקן געלאַף.
אין האַלדז ציטערט שוין אַ שורה פון אַ ליד
און בעט זיך שוין: „באַשאַף!"

אַ שפּאַרבער גראַבט אין הארצן טיף
און הייסט דאָס ליד אין האַלדז דערשטיקן.
אַ ליד ווי אַ סיגנאַל פון זינקענדיקער שיף
וויל אַ ברעג אַ ליכטיקן דערבליקן.

ס'פאַרגייט די שטאָט אין אומעטיקן גאַנג.
אַ בוים שפּרייט אוים פאַר מיר זיין שאָטן.
אַ פויגל פליט אַנטקעגן מיט געזאַנג.
פאַרוואָס בין איך אין פויגל ניט געראָטן?

פרעגט דער סאָלאָוויי אַמאָל
פאַרוואָס ער זינגט, פאַרוואָס ער פליט?
פרעגט אַ טייך אין טיפן טאָל
ווער עס דאַרף זיין אייביק ליד?

טראַכט אַמאָל אַ בוים דערפון
פאַרוואָס ער וואַקסט, פאַרוואָס ער בליט?
טראַכט אַמאָל די העלע זון
פאַרוואָס זי נעמט ניט, נאָר זי גיט?

ס'איז מיר אַ דיכטער זיין באַשערט,
די וועלט דערמוטיקן און וועקן.
איך האָב דעם צער פון מענטש דערהערט,
פאַרוואָס זאָל איך אַזעלכעס פרעגן?

עס טראָגט מיין ליבּ דעם טיפן שניט
פון אַלע פינצטערע פאַררעטער.
איך זינג צום מענטש מיין יידיש ליד —
צום גאָט פון אַלע געטער.

איך לויף אַהיים מיט גיכע טריט.
איך לויף צום שרייב־טיש ווידער.
ווי לאַנג ס'וועט זיין אויף וועלט איין ייד
וועל איך שרייבן מיינע לידער.

# נאָך אַ יאָר

נאָך אַ יאָר ווי אַ לאַבן ברויט אויף פֿענעצער צעשניטן
און אויפֿגעגעסן ביזן לעצטן בים,
נאָר דער הונגער — ניט געשטילט, די אומרו — ניט געביטן,
אויף לייב פֿון צייט קיין סליאַד, קיין רים.

אַזויפֿיל יאָרן זיינען שוין אין מיר פֿאַרגאַנגען,
נאָר געוואָרן בין איך אַלץ מיט זיי ניט זאַט.
כ׳קלייב די טעג ווי אַ פֿויער אויפֿן פֿעלד די זאַנגען
און וואַרט אויף נייע ווי אויף זון איעדע בלאַט.

אַזויפֿיל וואונדער ווערט אין יעדער שעה געבאָרן,
און צו יעדן וואונדער זיין וויל איך אַן עדות.
איינשלינגען כ׳וויל טויזנט קומענדיקע יאָרן,
און זיין אַ גאַסט ביי מאָרגנדיקע זיידעס.

כ׳וויל זיצן אין אַ גאָרטן, מיט מענטשן אויף אַ באַנק,
און זען דעם שמייכל אויף יענע אַלטע לייט
ווען דערציילן כ׳וועל זיי פֿון אַ באָמבע, פֿון אַ טאַנק,
און פֿון אַלע חכמות די גרויסע פֿון מיין צייט.

כ׳וויל לעבן, כ׳וויל לעבן, כ׳וויל לעבן אַזוי לאַנג,
ביז מיט פרייד, מיט נחת מיין האַרץ וועט ווערן זאַט,
און פאַלן כ׳זאָל אין שענסטן זון־פאַרגאַנג,
ווי פון בוים אין האַרבסט אַ געלע בלאַט.

אַ וועלט, ווען איך זאָל לעבן טויזנט יאָר,
און נעכטיקן זאָל טאָג ביי מיר אין הויף,
מיין יעדער טרוים זאָל ווערן לויטער וואָר —
וועסטו נאָך אַלץ מיר בלייבן אַ בעל־חוב.



# דיקי דער געשיר־וואַשער

אין קראָקאָדילי רעסטאָראַן
איז אַ נעגער־קינד פאַראַן,
מיט צוויי אויסגעצערטע בעקלעך
און מיט פּיסלעך צוויי ווי שטעקלעך.

דיקי, דיקי, דיקי הייסט ער
און אַלץ קאָן ער און אַלץ ווייסט ער,
חוץ פאַרוואָס ער האָט קיין טאַטן
און קיין טאָג אין וואָך קיין זאַטן.

דיקי, דיקי, דיקי, דיק!
וועמענס אומרו טראָגסטו אין דיין בליק?
פאַרוואָס וויינען דיינע פרילינגען די צוועלף
ווי הונגעריקע וועלף?

ווער האָט אין דיינע אויגן
דיין מאַמעס טרער פאַרצויגן,
דעם שמייכל פון דיין מויל פאַרפראָרן
און די קינדהייט פון דיין לעבן אָפּגעשאָרן?

שיילסט קאַרטאָפל, שאַבסט די מערן,
פּליקסט די הינער, פּוצסט די רערן,
שייערסט טעפּ, וואַשסט די טעלער
און שלאָפסט ביינאַכט אין נאַסן קעלער.

דיקי, דיקי, זאָג מיר, זאָג,
וואו נעמסטו כח נאָך שווערן טאָג
צו טאַנצן דאָרט אין זאַל פאַר זיי
ביז דער זייגער שלאָגט אום צוויי?

דיקי שווייגט, ער זאָגט קיין וואָרט,
רעדן רעדט ער נאָר צום לאָרד.
ער קוקט דערשראָקן יעדן אָן,
ער האָט חוץ רעדן וואָס צו טאָן.

דיקי טאַנצט אין דער קאַסינע
אויף אַ ברענענדיקער בינע,
דיקי טאַנצט אויף זאַטע בליקן
צו אַן אַלטן נעגער־ניגון.

דיקי טאַנצט אין זאַל ביז שפּעט
און חלומט פון אַ ווייסער בעט.
דיקי, דיקי, דיקי, דיק,
ווייסטו כאָטש דעם טעם פון גליק?

העכער, העכער, העכער, העך!
פאַרניי די נאַכט מיט שוואַרצע שטעך!
גיכער, גיכער, שוואַרצע בראָך!
שרייען געסט אַ גאַנצע וואָך.

דיקי זעט ניט מער קיין קעפּ,
אַ זאַל מיט קאָכעדיקע טעפּ.
האָפּ, האָפּ, דער זאַל אַ טאָפּ
און ער אַליין — אַ שוואַרצער באָב.

דיקי, דיקי, דיקי, דיק,
טאַנצט אויף בינע ווי אַ פליג.
שייערט טעפּ, וואַשט די טעלער,
און שלאָפט ביינאַכט אין נאַסן קעלער.



# בעני דער אַפּרייטער

בעני, בעני דער אַפּרייטער
איז אַ הויכער און אַ ברייטער
מיט אַ קאָפּ אַ קוטשעראַווע,
און מיט אויגן צוויי, מיט זשוואַווע.

אַ שמייכל טראָגט ער אויפֿן מויל
און אַ ליולקע אין קאַמזויל.
צוויי טיפֿע קאַרבן אויפֿן שטערן
און אַ דריטער האַלט ביים ווערן.

בעני זיצט זיך ווי אַ גדול,
און עס לאַכט ביי אים די נאָדל,
און דאָס רעדל כיקעט אונטער
פֿריילעך, לעבעדיק און מונטער.

בעני קוקט אויף לאַנגע פּאַסן,
ווי ער וואָלט פֿון זיי גאָר שפּאַסן,
ווי געוועז וואָלט אים אַ שאַנד
זיי צו האַלטן אין זיין האַנט.

זיינע הענט וואָלטן באַדאַרפֿן
בריקן אייזערנע פֿאַרוואַרפֿן,
טורעמס אויפֿהויבן צום הימל,
זיצט ער גאָר און כאַפּט אַ דרימל.

ס'האָט אַמאָל אין שאַפּ געטראָפֿן,
ער איז פֿון לאַנגוויל איינגעשלאָפֿן
און די נאָדל איז געפֿלויגן
און זיין שניפּס אַריינגעצויגן.

ס'האָט די נאָדל שיער דערוואָרגן
בעני ריז יענעם פֿרימאָרגן,
און געלאָזן אים אַ צייכן
אויף זיין פּנים, אויף זיין בלייכן.

היינט היט בעני יעדן שטאָך.
ער יאָגט מיט בליק די נאָדל נאָך
און באַגלייט איעדן ברים
מיט זיין זינגעוודיקער שטים.

בעני, בעני דער אַפּרייטער,
מיט אַ פֿריילעך לידל נייט ער
און די פֿינגער פֿליען פֿלינקער
ווען די אַרבעט איז אַ גרינגע.

ווען ער קריגט די שווערע היט,
בלייבט אין האַלדז זיין פֿריילעך ליד.
„הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן" —
זיינע שטעך די שטימע בינדן.

אַלע ווייסן לויט זיין ניגון
וועלכע אַרבעט ער פּלעגט קריגן.
אַלע ווייסן ביי מאַשינען
וויפל בעני וועט פאַרדינען.

בעני, בעני דער אַפּרייטער,
שטענדיק קומט ער אַ דערפרייטער,
ווי דאָס גאָלד זאָל אים געהערן
פון דער זון מיט אַלע שטערן.

ווען ער זעצט זיך ביים מאַשין,
צילט ער בליקן גלייך אַהין,
וואו עס זיצט די יונגע שרה
מיט די אויגן, מיט די קלאָרע.

ער וואָלט די צעפּ די צוויי צעבונדן
אויף איר ווייסן האַלדז דעם רונדן
און געפרעגט זי אויף טשיקאַווע,
צי זי קומט ניט פון פּאָלטאַווע.

ער האָט אַ מיידל דאָרט געלאָזן
מיט אַ פּנים, מיט אַ ראָזן,
מיט אַ געגגל פון אַ פּאַווע,
און געהייסן האָט זי חוה.

אין איין קלאַס געווען צוזאַמען,
איר געהאָלפן ביים עקזאַמען,
און פאַר איר זיך אָפּט געשלאָגן
מיט די שקצים אויף די ראָגן.

שוין אַוועק אַזוי פיל יאָרן,
ס׳וואַקסט שוין גראָז אין זיין זכרון,
דאָך פרעגן וואָלט ער גלאַט אַזוי,
ער זאָל די אויגן זען געגוי.

נאָר זי טראָגט זיך ווי אַ וויכער
מיט אַ פּעקל אַלטע ביכער,
מיט אַ שמייכל מיט אַ טריבן
אויף די בלימלדיקע ליפּן.

ער וואָלט די ביכער אונטערטראָגן
און וואָלט שטילערהייט איר זאָגן,
אַז זי זעט אוים פּונקט ווי חוה
פון זיין שטעטעלע אין פּאָלטאַווע.

# באַגינען

ס׳איז נאָר־וואָס די וועלט פון שלאָף אויפגעשטאַנען,
און די נאַכט די מידע פון מיין בעט פאַרטריבן.
איך לויף אַ באָרוועסע איבער פאַרוויינטע לאַנען.
אַ ליד אַ פריילעכס שפילט אויף די ליפּן.

אַ טייכל פּאַטשט בראַוואָ דעם העלן באַגינען.
אַ שוועלבל אַ יונגס מיט די פליגל העלפט־צו.
דער נאַכטס לעצטע טרערן פון די צווייגן רינען
און בלייבן פאַרגליווערט אויף שפּיזן זון.

אַ היישעריק טאַנצט שוין אין גאָלדענעם קאָרן.
אַ וועווערקע רייסט שוין פון אַ צווייגל די נים.
אַ פויגל איז נאָר־וואָס אַ מאַמע געוואָרן
און לערנט די קינדערלעך שטיין אויף די פיס.

עס זויגט שוין אַ בין דאָס האַרץ פון אַ רויז,
און זינגט דאָרט פאַרשיכורט אין רויזיקער וויג.
עס קריכט שוין אַ שפּין פון איר נאָרע אַרויס
און שפּינט שוין מיט אימפּעט אַ נעץ פאַר אַ פליג.

עס ליגן די בערג ווי טראַגיקע מאַמעס
מיט פֿערענעס הימל מיט ווייכע פֿאַרדעקט.
די זון, זי שפּרייזט אויף באַרגיקן סאַמעט
און די בערג מיט פֿינגער מיט גאָלדענע וועקט.

עס שלאָפֿן די ריזיקע, שטומע געשטאַלטן —
אַ ים איז פֿאַרגליווערט געוואָרן און שטייט.
פֿאַרגלוסט זיך אין בויך מיר אין גרינעם באַהאַלטן,
ווי אַמאָל אין מיין מאַמעס פֿאַלדיקער קלייד.



# בערג

אַ באַרגיקע קייט ציט זיך און ציט,
מיט ביימער צופֿוסנס, ווי ריזיקע וואָזן.
אַן אייביקער פֿרילינג אויף קעפּ אויף באַרגיקע בליט,
נאָר די ריזן, זיי ליגן פֿאַר׳חלומ׳ט און שלאָפֿן.

איך שטיי אין דעם טאָל און קוק אויף די ריזן.
אויפֿן האַרצן איז היימלעך און גרינג.
עס שיקט מיר די זון צעצונדענע שפּיזן.
איך צענעם מיינע אָרעמס און זינג.

איך קלעטער אַרויף צום באַרגיקן שפּיץ.
אַ וואַסערל פֿאַלט — אַ געשליפֿענער שפּיגל,
און איך ביים וואַסערל דעם געשליפֿענעם זיץ
און פֿיל, ווי עס וואַקסן מיר פֿליגל.

איך קלעטער אַלץ העכער, צו זוניקער הויך.
איך זינג מיט אַ ווייכן, וואַלדיקן קול.
עס העלפֿט מיר אַ קוואַל אין באַרגיקן בויך,
עס העלפֿן מיר טייכן אין צעציטערטן טאָל.

אין האַלדז טוט אַ ליד, ווי אַ שטריק מיך אַ וואַרג,
עס טראָגט מיך צום הימל דער צעצונדענער רוים.
איך בין אַ ריז — אַ פעלזיקער באַרג.
קעגן מיר איז אַ גרעזל, אין טאָל, יעדער בוים.

עס קוקן די נעכטנס, ווי האַרבסטיקע בלעטער.
די מאָרגנס, זיי זיינען נאָך העכער פון הימל.
איך צי זיך אַרויף, איך קלעטער און קלעטער,
איך וועק אויף די בערג פון דעם דרימל.



# אַ טאָג איז געשטאָרבן

אַ טאָג איז געשטאָרבן. אַ טאָג איז אַוועק.
דער הימל ווערט גרויער און גרויער.
איך ליג ווי דער אומעט אויף טייכיקן ברעג.
אַ ניגון אָן אַלטער צאַנקט אין מיין אויער.

ס'האָט דער הימל זיין מאַנטל זיין בלויען צעריסן
און צו דער ערד זיך אַלץ נעענטער גערוקט.
אַ באַרג-קייט מיט ציין מיט שאַרפע ווי שפּיזן
האָט די זון די העלע געכאַפּט און פאַרצוקט.

עס סוד'ען זיך גראָזן געהיימניספול, שטיל.
אַ לענטע אַ שוואַרצע — דער זאַמדיקער וועג.
דאָס האַרץ אַ פרעג טאָן ביי עמעצן וויל:
וועמענס טאָג איז געשטאָרבן? וועמענס טאָג איז אַוועק?

די צייט איז מיט טעג מיט ליכטיקע רייך,
ווי מיט זאַמדן מיליאָסיקע דער ברעג,
ווי מיט טראָפּנס מיט לויטערע דער טייך.
אָרעם איז נאָר דעם מענטשנס פאַרמעג.

כ׳ווים וויפל נעכטנס מיין לעבן פאַרמאָגט,
נאָר ניט וויפל מאָרגנס עס וואַרטן אויף מיר.
ס׳קאָן זיין אַז טויזנט, ס׳קאָן זיין אַ שאָק,
ס׳קאָן זיין אַז בלויז אַ צוויי, דריי, פיר.

אַ טאָג איז געשטאָרבן. אַ טאָג איז אַוועק.
און איך האָב אַן אוצר, אַן אוצר פאַרלאָרן.
קלענער איז היינט מיין לעבן-פאַרמעג.
כ׳בין אָרעמער היינט פון נעכטן געוואָרן.



# דאָס פאָרפאָלק

בײַ מײַן פענצטער שטײט אַ שװײַגנדיק פאָרפאָלק:
אַ װײנענדיקע װערבע און אַן אומעטיקער דעמב.
גײ דערגײ בײַ זײ אַ טאָלק,
צי זײ זײַנען ברוגז, צי זײ פילן זיך דאָ פרעמד.

אַרויפצו קוקט דער שװײַגנדיקער דעמב,
און צו דער ערד זײַן אומעטיקע פאָר.
אַזױ שטײען זײ פאַראומערט און פאַרשעמט
דעם פערטן צענדליק יאָר.

װען ס'גיט די װערבע זיך אַ ציר,
אין װינט די האָר די בלאָנדע אַ צעלאָז,
קוקט דער דעמב מיט שפּאָט אויף איר:
„צוליב װעמען, צוליב װאָס?

פאַר די קינדער, פאַר די טוצן?
פאַר די פעטערס, פאַר די מומעס?
ס'איז דען דאָ פאַר װעמען זיך צו פוצן?
װעט אַ גאַסט אַהערצו קומען?"

שטענדיק שטייען זיי צוזאַמען. שטענדיק זיינען זיי אַליין.
עס קומען טעג און גייען לײדיקע אַוועק.
אָפּגעלעבט אַ לעבן און עלנט ווי אַ שטיין.
צונויפגעפּאָרט האָט ווינט. צעשיידן וועט די זעג.

קוק איך דורכן פענצטער אויף דער ווערבע מיטן דעמב
און האָב רחמנות אויף זיי ביידן.
ס׳קוקט איינער דעם צווייטן אָן פאַרשעמט
און שווייגן ווי מיין באָבע מיטן זיידן.

מיין באָבעס קול האָט מען כאָטש אַמאָל געהערט,
ווען געמאָנט האָט זי דעם זיידן געלט אויף שבת.
דער ווערבע איז דאָס אַפילו ניט באַשערט.
הערט מען נאָר ווען אַ רעגן אויף איר קאַפּעט.



# די בעריאָזקע און דער טאָפּאָל

אויפן ברעג פון טייך מאַלגיינע
שטייט אַ בעריאָזקעלע, אַ קליינע,
און צוויי צענדליק לאַנגע יאָר
צוואָגט זי דאָרט די בלאָנדע האָר.

ס׳האָט דער ווינט אויף זיינע פליגל
אַהער געבראַכט זי צו דעם שפּיגל,
און געלאָזן זי אינמיטן
צווישן קוסטן און געוויטן.

ניט קיין פייגל, ניט קיין האָזן
שפּרינגען דאָ אויף טוכלע גראָזן.
שווייגן לאַנען, שווייגן שליאַכן,
נאָר די כוואַליעס אָפּטמאָל לאַכן.

שלאָפט די לאַנגוויל אויפן ברעג,
נאָר דער אומעט היט דעם וועג.
אָפט אַ ווינטל זיך פאַרפּלאָנטערט
אין בעריאָזקעלע, דער בלאָנדער.

פאַלן בלעטער און פאַרשווינדן
אויף די וויעס פון די ווינטן,
און דער אומעט האָט קיין גרענעץ.
שטייט די בעריאָזקעלע און גענעצט.

ברייטע וועגן, ווייטע וועגן.
קיינער קומט איר ניט אנטקעגן.
גייען טעג און פירן וואכן,
נאר א טאפּאל איז איר שכן.

אן אלטער טאפּאל, א געזונטער,
מיט די צווייגן פאכעט מונטער,
און נעמט די אויגן ניט אראפּ
פון זיין שכנה׳ס בלאנדן קאפּ.

הימל, ערד און ער אינמיטן,
נאר דער טאפּאל איז צופרידן,
וואס די רו דא קיינער שטערט אים
און די בעריאזקעלע געהערט אים.

זינט געקומען איז זיין שכנה
קרעכצן מער ניט זיינע ביינער,
און ער האט פון פרייד פארלארן
דעם גאנצן חשבון פון די יארן.

וואס דארף נאך, וואס דארף מער
אן אלטער בוים אזוי ווי ער,
ווי א גלעט פון אירע לאקן
און דעם טוי פון די פארטאגן.

קומט אַ שטורעם, קומט אַ ווינט,
היט זי טאָפּאָל ווי אַ קינד.
און ניט איינמאָל האָט דער שכן
אין שלאָכט די ביינער אויסגעבראָכן.

נאָר דער טאָפּאָל, דער געזונטער,
גיט דעם שטורעם זיך ניט אונטער,
און עס פאַלט אים גאָרניט איין
זי זאָל פון זיג ניט פריילעך זיין.

און ער ווייסט אַפילו ניט,
אַז זיין בעריאָזקעלע גאָר ציט
צו די ווייטע האָריזאָנטן,
צו אַ יונגן בוים, אַ בלאָנדן.

אויפן ברעג פון טייך מאַלגיינע
שטייט אַ בעריאָזקעלע, אַ קליינע,
ווי אַ גרויסער, גרינער „זייען“,
און וואַרט ס׳זאָל שטורעם זי באַפרייען.

# ה י י ל אַ נ ד

הײלאַנד איז אַ טײך װי אַלע טײכן,
און לױפֿט װי זײ פֿון באַרג אַראָפּ צום טאָל.
צו זײַן שײנקײט האָט ער ניט קײן גלײכן
און סודות װײסט ער אָן אַ צאָל.

ער טראָגט אַ גרוס צו זײַנע שװעסטער-טײכן
און שפּילט זיך מיט די ברעגן און ער קװעלט
װען יונגע פֿלאָטקעס פֿון געלעכטער קײכן,
און װען די זון צעגליט זיך אױפֿן פֿעלד.

הײלאַנד הײסט ער פֿאַר די פֿרעמדע,
פֿאַר די װאָס קומען נאָר צו גאַסט.
און מיט נעמען טױזנט שמ'ט ער,
װאָס ס'האָבן פֿישער אים פֿאַרפּאַסט.

עס רופֿן באַבעס אים: „די טױב",
און די ײדעס: „אונדזער בלאַסאָם".
װער עס קוקט אים אָן, דער גלױבט,
אַז יעדער נאָמען פּאַסט אים.

„שטערן-שלינגער" רופֿן אים די שנעקלעך.
„זילבער-דנאָ" — פֿאַרליבטע כלות.
קריצט מען אַלע נעמען אױס אױף שטעקלעך
און מען שיקט זײ צו די װײטן מיט די כװאַליעס.

הײלאַנד — אַ בלױער חלום,
דעם װאַלד אױף דרײַעקן צעשנײַדט.
שרײַבט אָן אין טאָל אַ גרױסן אַלעף
און קומט אין דאָרף אַרײַן פֿון צײַט צו צײַט.

הײלאַנד פּאַרט פֿון װײַטע װײַטן
דורך בערג פֿון פּעלזיקן גראַניט.
בײמער אױסגעשטעלט אױף בײדע זײַטן
און טױזנט אינדזלען אינדערמיט.

אױף יעדן אינדזל — אַ בערעזענע געזינדל,
טאַטע־מאַמע און קינדערלעך אַ פּאָר;
דאָ אַ טעכטערל, דאָרט אַ זינדל
קעמען זיך און װינט די בלאָנדע האָר.

עס לױפֿן כװאַליעס און צעלײגן טרעפּ
ביז דער טיר פֿון װײַטן האָריזאָנט;
בױגן זיך בעריאָזקעלעך, שאָקלען מיט די קעפּ:
אײ, — װען זײ װאָלטן נאָכלױפֿן געקאָנט.

ס׳קומען בײמער זיך אין פֿרימאָרגן־טױ צונױף
מיט שטילע, שװעבנדיקע טריט,
ביז עס שפּרינגט אַ װינטעלע אױף זײ אַרױף
און שפּילט אױף בלעטער אױס אַ ליד.

גליטשן זיך אױף כװאַליעס גרױע שיפֿן.
ציטערן װי סטרונעס דינע װענטקעס.

מעסטן פישער מיט די בליקן אויס די טיפן
און שרייבן אויס אויף טייך זיינע לעגענדעס:

פון אַ כלה־מויד אין חופה־נאַכט פאַרשוואונדן,
פון אַ חתן — אַ זקן און אַ גביר.
און געלאָזן אים דאָס קאָרן אין זעק אין דריי געבונדן,
וואָס דער טאַטע געקראָגן האָט פאַר איר.

פון אַ נעגער־יונג אַ געלינטשטן אין אַ זאַק,
וואָס האַלבע נאַכט אויף ברעג טייך זיך באַווייזט
מיט שטריק מיט פאַרבלוטיקטע אַ פּאַק
און יעדע נאַכט אויף שטיקער זיי צערייסט.

פון אַ נעגער־מויד מיט שטערנדיקע אויגן,
אין אַ טרויער־קלייד פון שוואַרצן דינעם קרעפּ,
וואָס האָט פון הימל די לבנה אַראָפּגעצויגן
און צום טייך זי פאַרקנופּט מיט אירע צעפּ.

לעגענדעס פון באָבעס און פון זיידעס
וויקלען זיך ווי באַוול פון אַ קנויל;
צו יעדער איינער פאַראַן אַ לעבעדיקער עדות,
וואָס האָט אַליין געהערט זיי פון זיין מאַמעס מויל.

היילאַנד האָט נאָך טויזנט וואונדער
פון „זילבער־דנאָ” ביז וויסן בריק.
ער פאַלט פון הויכע באַרג־שפּיצן אַרונטער
און קערט זיך קיינמאָל ניט צוריק.

# ווילִיאַר

ווילִיאַר — אַ שטעטל אין דער שווייץ,
וואַקסט דאָ ניט קיין קאָרן, ניט קיין ווייץ,
נאָר אַ שטילקייט אויף די ראָגן
און אַ נעפּל אין פּאַרטאָגן.

שלאָפט דאָס שטעטעלע אין טאָל,
איינגעשפּינט אין גרינער וואָל,
און צוויי טייכן זינגען צו:
איי לו, לו, איי לו, לו.

ריזן-בערג מיט ווייסע בערד
פֿאַרבינדן הימל צו דער ערד
און ווייסע וואָלקנדלעך ווי כלות
שפּרייזן אייביק אויף די סקאַלעס.

אַ ווילדער וואַלד אויף יעדן באַרג,
ווי אַ רוק-זאַק אויף זיין קאַרק,
און פֿון טוי אַ לאַנגע קלייד
מיט העלע שטראַלן אויסגענייט.

ס'פאַלן בלעטער — רויטע טרערן
און דאָס פאַלן קאָן מען הערן
פון דער נאָענט און פון דער ווייט
אויף די בערג פון צייט צו צייט.

ניט קיין קוילן, ניט קיין פלאַמען
צינדן צווייגן אויף די שטאַמען,
נאָר דער האַרבסט צעצינדט ווילידאַר,
ברענט יעדער בוים ווי אַ פאָנאַר.

ס'וועקט דאָ קיינער ניט די רו,
חוץ אַ גלאָק אויף האַלדז פון קו,
חוץ אַ פויגל וואָס פאַרגעסט
און פאַרבלאָנדזשעט אין אַ נעסט.

בלויז דער פאַסטוך בענואַר
וועקט די שטילקייט פון ווילידאַר,
ווען ער גריסט זיך אינדערפרי
מיט זיין יונגער אַנזשעלי.

בלויז אַ חתונה אין שטעטל
לאָזט אויף יעדן ראָג אַ רעדל
בלאָנדע טעכטער, ברוינע זין
פון פאַרנאַכט ביז אין באַגין.

טאַנצט אַ יונגלינג, טאַנצט אַ זקן,
טאַנצן שטיינער אויף די ראָגן,
טאַנצן קווייטן, טאַנצן ברוקן
און ווער ס׳טאַנצט ניט קומט כאַטש קוקן.

ווילִיאַר — אַ שטעטל אין דער שווייץ,
וואַקסט דאָ ניט קיין קאָרן, ניט קיין ווייץ,
נאָר אַ שטילקייט אויף די ראָגן
און אַ נעפּל אין פּאַרטאָגן.



## אַלע מײַנע נעכטנס זײַנען שטיגן

אַלע מײַנע נעכטנס זײַנען שטיגן,
וואָס האָבן נאָר צו דיר, צו דיר געפֿירט.
ס'האָט מײַן האַרץ ווי אַ האַרפֿע אַ פֿאַרגעסענע געשוויגן,
ביז דו האָסט די סטרונעס די פֿאַרבענקטע באַרירט.

אַזויפֿיל טעג זײַנען געקומען און פֿאַרשוואונדן.
כ'ווייס ניט זייער אָנהייב, זייער סוף,
ביז דו ביסט געקומען, מײַנע לאָמפּן אָנגעצונדן,
און אַלע נעכטנס אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף.

פּלאַצט אויף מיר דער אַלטער, זשאַווערדיקער אומעט,
ווי אויף אַ בוים אַ זאַפּטיקן די קאָרע.
איך בין רייף מיט רײַפֿקייט פֿון דעם זומער.
איך בין קוואַל מיט וואַסערן מיט קלאָרע.

איך שווים אויף די כוואַליעס פֿון דער צײַט.
איך טראָג דעם יאָך פֿון לעבן און איך זינג.
מיט דיר איז דער הימל גאָרניט ווײַט.
מיט דיר איז דאָס גרייכן אַזוי גרינג.

מיט דיר איז טויט אַ קליינער וואָרעם.
איך צעטרעט אים אין מיין אימפּעטיקן גאַנג.
מיט דיר זיינען קברים ניט קיין קברים
און דער וועג צו אייביקייט ניט לאַנג.

אַלע מיינע נעכטנס זיינען שטיגן,
וואָס האָבן נאָר צו דיר, צו דיר געפירט.
ס׳האָט מיין האַרץ ווי אַ האַרפע אַ פאַרגעסענע געשוויגן,
ביז דו האָסט די סטרונעס די פאַרבענקטע באַרירט.



# קום, ליבער, טו אַ ביס!

מיין לעבן — אַן עפּל זאַפּטיק זים.
קום, ליבער, טו אַ ביס!
ס'איז ניט אייליק, ס'איז ניט האַרט,
ס'האָט שוין לאַנג אויף דיר געוואַרט.

ווי אַן אָרעמאַן זיין לעצטן שילינג,
געהיט כ'האָב צוויט פון יעדן פרילינג,
ס'זאָל דער שטורעם, ס'זאָל דער רעגן
ניט פאַרשלינגען מיין פאַרמעגן.

אַלע שטורעמס כ'האָב פאַרטריבן,
איז מיין עפּל גאַנץ געבליבן.
קום שוין, ליבער, ס'איז אַ שאָד —
אין עפּל וואַרט אַ גאַנצער סאָד.

כ'בין ניט חוה, כ'בין ניט שלאַנג
און עס טוט מיר אַזוי באַנג,
וואָס די וועלט איז קיין גן־עדן
און איר צער באַגלייט אונדז ביידן.

נעם מיין עפּל, נעם און ביים,
ביז זיין וועסטו אַ גרויער גרייז
און זאָגן וועסטו קאָנען קוים:
„אוי, איז דאָס אַן עפּל־בוים!"

# ניט מיט טרערן

ניט מיט טרערן זאָלסטו מיך באַגלייטן
צו מיין לעצטן, צו מיין אייביקן געלעגער.
טרערן פיינט כ'האָב דאָך ווי קייטן,
און קייטן ווי אין וואַלד אַ הירש דעם יעגער.

ניט מיט בלומען זאָלסטו מיך באַדעקן.
וואָס טויג, וואָס טויג אַזאַ געשאַנק?
זיי וועלן סיי־ווי מיך שוין ניט דערוועקן
און כ'וועל ניט קאָנען זאָגן דיר אַ דאַנק.

אויב דו ווילסט מיר ברענגען גליק,
אויב ס'קלאַפּט דיין האַרץ נאָך אַלץ פֿאַר מיר —
היינט מיר, ליבער, אַלע רויזן שיק,
היינט מיט ליבשאַפֿט עפֿן אויף מיין טיר.

קיין מצבה זאָלסטו מיר ניט שטעלן.
דאָס לעבן איז געוועזן מיר אַ שטיין.
ווער געפֿינען ס'וועט מיך וועלן,
זאָל זוכן מיך אין זיך אַליין.

כ׳האָב ליב אין סטעפּ די גרינע גראָזן.
כ׳האָב ליב אין פעלד איעדע קווייט.
כ׳האָב דאָרט מיין צער, מיין טרער געלאָזן,
דאָרט מיין אַש אויף זיי פאַרשפּרייט.

זאָל דער ווינט מיך ווייטער טראָגן
ביינאַנד מיט מחנות שפּרייזנדיקע טריט,
און דאָרט וואו כ׳קאָן זיך מער ניט שלאָגן,
מיין אַש זאָל זיין דאָס לעצטע ליד.



## ליבסטער מיינער!

ווייסטו כאָטש דערפֿון,
אַז איך בין זון
און פֿעלד און וואַלד און סאַד,
און דו ביסט גאָט?

זעסטו כאָטש דעם צווייט
אין מיין געמיט,
וואָס ווערט פֿאַרזייט
פֿון דיינע רייד.

איין פֿרילינג נאָר
איז פֿאַראַן אין יעדן יאָר,
און דו מיט פֿרילינגען ביסט רייך,
ווי מיט טראָפּנס מיליאָסיקע דער טייך.

גייסט אין לעבן, גייסט און גייסט,
און מיט פֿרילינגען דעם וועג פֿאַרזייסט,
און וואו דו קומסט און וואו דו ביסט,
פֿאַרשווינדט דער מדבר און די וויסט.

גייסט און גייסט דורך וועלטיקן ווירוואַר
און שלינגסט די טרערן און טרינקסט דעם צער
און ווייסט אַפילו ניט,
אַז דו אַליין ביסט לויטער ליד.

עס ציט מיך צו דיין וואָרט,
ווי די שיף די פאַרבלאָנדזשעטע צום פּאָרט.
עס ציט מיך צו דיין בליק,
ווי צום פעלד אַ לאַם, אַ געבונדענע אין שטריק.

ווייסטו כאָטש דערפון,
אַז איך בין זון
און פעלד און וואַלד און סאַד,
און דו ביסט גאָט?



# ליג אַזוי און ליג

ליג אַזוי און ליג
אין מיין ליבשאַפט־וויג.
דיין אָטעם — שטאַרקער וויין.
איך זאַפּ, איך זאַפּ אים איין.

בויג דיין קאָפּ צו מיינעם צו,
איך וויל אין דיר געפינען רו.
איך וויל אין דיר ווערן אוים —
יאַמיקער געברויז.

גרינע אַגרעסן — דיין בליק,
איך — אַ גרינע לאָנקע־וויג.
כ׳וועל דיך וויגן און פאַרוויגן
מיט מיין שענסטן ניגון.

הערסט אַ ווילד געוואוי?
דאָס וויינט מיין האַרץ אַזוי.
ס׳וויינט דאָרט אינדערשטיל —
ווער ווייסט וואָס עס וויל?

ליג דיין קאָפּ אויף מיר אַוועק,
ביי מיין האַרץ שטיל זיך פרעג.
אפשר וועט עס פּאָרט דיר זאָגן
ווען ס'וועט שוין מער ניט קלאָגן.

ליג אַזוי און ליג
אין מיין ליבשאַפט-וויג.
דיין אָטעם — שטאַרקער ווייַן.
איך זאַפּ, איך זאַפּ אים איין.



# דיינע אויגן

דיינע אויגן — סטעפּעס צוויי,
און איך בלאָנקע אום אין זיי
און איך בלאָנקע און איך שווייג,
ווי אַ פויגל אין אַ שטייג.

הערסט מיין האַרצנס געוואוי?
זאָל עס וויינען דאָרט אַזוי.
זאָל עס וויינען שטילערהייט,
כ׳בין עס איינשטילן ניט גרייט.

מאַך די אויגן דיינע צו,
זיי לאָזן ניט צורו,
זיי אַקערן מיין לייב,
זיי זוכן אין מיר ווייב.

# לאָז מיך זיין אַ קינד צוריק

דיינע אָרעמס — אַ ווייכע וויג
מיט שטילן, וואַלדיקן געזאַנג.
איך ווער אַ קינד אין זיי צוריק.
איך ציטער ווי אַ זאַנג.

אויף מיין קאָפּ — אַ שירעם יאָרן
פּלאַטערט ווי אַ יום־טובדיק ליכט.
איך האָב דעם שליסל פון דער צייט פאַרלאָרן,
נאָר זיין שאָטן ליגט אויף מיין געזיכט.

כ'האָב פאַרגעסן וואָס כ'האָב געלערנט
דורך אַלע יאָרן שולעריי.
איך בין דאָס צאַנקען פון די שטערן.
איך בין די בליאונג פון דעם מאַי.

דיינע אָרעמס — אַ ווייכע וויג.
פאַרוויג, פאַרוויג ביז טיפן שלאָף.
לאָז מיך זיין אַ קינד צוריק.
וועק ניט אויף ביז סאַמע סוף.

# אין ליבשאַפט

דיינע האָר — אַ סטרונע־וואַלד אין צוקנדיקן ציטער.
מיינע פינגער — אַ מיליאָן שווייגנדיקע סמיקן.
שפּילן זיי פון שטורעם, שפּילן פון געוויטער,
ביז איך אַליין ווער זייער ניגון.

ווייסע טויבן צאַנקען אין דיינע אויגן,
אין שחיטהדיקן צאַפּל.
איך וויל פאַר יעדער טויב אַ שטומע זיך פאַרנויגן
און שטילן זייער דורשט אין ים פון מיין שוואַרצאַפּל.

דיינע רייד — ווייסע פעדעם וואָל,
שטריקן זיך אין לויטערן געשטריק.
איך הער מיין פאָלק אין דיין קול.
איך זע די וועלט אין דיין בליק.

אַזויפיל לענדער אויף דיין פנים.
אַזויפיל ליידן פון מיין דור.
איך קוק אויף אים און ס׳דאַכט זיך, אַז איך קאָן אים
צען טויזנט יאָר.

# טיפסטע טיפן

אין דיינע אויגן ברענען אַלע טויבן.
אויף די פלאַמען טאַנצט אַ ווילדע מכשפה.
איך וויל אויסהאַקן פון דיין בליק די שויבן
און זען פון וואַנען קומט אַהין די שרפה.

איך וויל אויפשניידן אין דיין מויל דעם גומען
און אויף דיין פידל אָנרירן די סטרונעס,
און זען פון וואַנען אַלע טענער קומען,
טענער, וואָס שלעפן מיך אַראָפּ, ווי טיפע ברונעמס.

אין דיינע אויגן שווימען ברענענדיקע שיפן
מיט רויטע פלאַמענדיקע נעצן.
עס ציט מיך צו דיינע טיפסטע טיפן.
איך וויל זיך אויף די ברעגן אויף די ברענענדיקע זעצן.

דו ביסט אַ שטורעמדיקער ים,
דיינע כוואַליעס גיסן זיך אַריבער.
איך — אַ בעריאָזקע מיט אַ דינעם שטאַם,
וואַרט זאָלסט פאַרשלינגען מיך, מיין ליבער.

# קאָנסט ניט קוקן לאַנג אויף מיר

קאָנסט ניט קוקן לאַנג אויף מיר.
ס'פאַרכמאַרעט דיך מיין יעדער ריר.
אַ נעפּל איבער דיינע אויגן זיך פאַרציט
און ביסט געשמידט.

דיינע אויגן צאַנקען, צאַנקען׳
דיינע ליפּן ציען זיך, ווי שלאַנגען,
צו מיין האַלדז, צו מיין קין
צערטלעך, דין.

כ'האָב ליב דעם נעפּל אויף דיינע אויגן,
כ'וואָלט אים אויסגעזויגן,
ווי די זון דעם טוי פון דעם באַגינען,
ווי דעם האָניק פון אַ רויז די בינען.

כ'האָב ליב דעם נעפּל אין דיין בליק,
ווען מיינע אָרעמס ווערן שטריק
און דו פאַרגייסט אין טיפער טיף,
ווי אַ זינקענדיקע שיף.

כ׳האָב ליב דעם נעפּל וואָס פֿאַרשטעלט
אַלע נעכטנס און די וועלט,
דעקט מיין שעמעוודיקייט צו
און דו ווערסט איך און איך ווער דו.

ווי גוט עס איז, ווי וואויל,
ווען דיין אָטעם שניידט מיין מויל,
און דיין נעפּל צעגייט אין טראָפּנס
ביים טאָג צוקאָפּנס.



# גיי ווייס

גיי ווייס,
אַז דו ביסט אַלעף־בייס
און ליגסט אין יעדן באַנד
וואָס ציטערט אין מיין האַנט.

אין יעדן בוך וואָס כ׳עפן,
זאָל איך דיך דאָרט טרעפן.
יעדע בלאַט — אַ טיר,
און דו שטייסט הינטער איר.

פון אַלע זילבן, פון אַלע אותיות
ווערן אויגן, פאַרנעפּלטע און גרויסע.
אויף אַלע שורות, אויף אַלע ווערטער
שטייסטו אַ פאַרקלערטער.

ווער האָט זיך געריכט,
אַז זען כ׳וועל דיין געזיכט
אין יעדער שויב, אין יעדן גלאָז,
אין יעדן בוים, אין יעדן גראָז.

אויף אַלע בערג, אויף אַלע טאָלן,
האָט ווער דיין פּנים אויסגעמאָלן,
ווי ביי מיר אין מיין זכרון,
אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

# כ׳שטיי־אויף יעדן אינדערפרי

כ׳שטיי־אויף יעדן אינדערפרי
און איך צי זיך און איך צי,
ווי צו דער זון אַ בלימל,
ווי העלער טאָג צום הימל.

כ׳זוך און זוך דיך אומעטום,
ווי אַ בין אין פעלד די בלום,
ווי פאַרבלאָנדזשעטע דעם וועג,
ווי אַ שיף ביינאַכט דעם ברעג.

כ׳שטיי אויף יעדן אינדערפרי
אין פריש־פרילינגדיק געבלי,
און וויל אויף דיר פאַרפלעכטן
מיין בענקשאַפט נאָך פון נעכטן.

איך וויל אויף דיר פאַרקריצן
אַלע נים־געבליצטע בליצן,
וואָס רייסן זיך און ווילן
זאָלסט זייער שרפה שטילן.

כ׳שטיי אויף יעדן אינדערפרי
און איך צי זיך און איך צי
ביינאַנד מיטן באַגינען
און קאָן דיך ניט געפינען.

ס׳קלאַפּט אין שויב אַ שוואַרצע קראָ
און זאָגט מיר אָן, דו ביסט ניטאָ,
און קראַקעט־אוים דריי מאָל קראָ
און ווידער שטיל, און ווידער שאַ.

איך וואָלט די קראָ דערוואָרגן
ביינאַנד מיטן פרימאָרגן,
און שלאָפן זיך געלייגט אויף טויזנט יאָר,
ביז דו וועסט ווידער ווערן וואָר.



## אפשר ווייסטו וואָס דאָס איז?

אפשר ווייסטו וואָס דאָס איז?
ניט קיין שווערד, ניט קיין שפּיז,
נאָר עס שטעכט אַזוי און שטעכט
דורך די טעג און דורך די נעכט.

די וועלט איז גרויס, די וועלט איז ברייט,
נאָר פאַר די אויגן שטענדיק שטייט
דיין אומעטיק געשטאַלט,
ווי אַ לעצטער בוים אין אַן אויסגעהאַקטן וואַלד.

אפשר ווייסטו וואָס דאָס מיינט?
כ'האָב אַ גאַנצן טאָג געוויינט
און איך הויב ניט אָן צו וויסן
פאַרוואָס די טרערן פליסן, פליסן.

יעדער טרער — אַ רעגנבויגן
מיטן פלאַם פון דיינע אויגן,
פאַלט צו ברוסט צו מיינער צו
און גלעט און וואַרעמט מיך ווי דו.

קלייב איך טרערן, קלייב און קלייב
אויף מיין פּנים, אויף מיין לייב,
און די בענקשאַפט מיט זיי שטיל,
און דעם פייער מיט זיי קיל.

כ'קלייב די טרערן ביז ס'קומט דער שלאָף
און שערט דעם צער ווי אַ שער די שאָף,
און וויקלט איין מיך אין אַ קנויל
און דעקט מיך צו מיט אָטעם פון דיין מויל.



# בענקשאַפט

כ׳האָב די זון היינט די העלע געוויכט.
כ׳האָב פיינט היינט די זון, ווייל זי לייכט.
כ׳האָב פיינט היינט דאָס לוסטערסטע ליד.
ס׳האָט מיך אומעט מיט בענקשאַפט געשמידט.

זאָל קריכן דער טאָג, ווי אַ גיפטיקע שפין.
כ׳וועל זיצן ביים פלאַם פון בלינדן קאַמין
און זוכן דאָס אַש פון מיין נעכטיקן טרוים,
ווי אַ פויגל אין פרילינג איר נעסט אויף אַ בוים.

כ׳וויל דעם היינט איצט דעם ליכטיקן שעכטן.
ס׳איז ניט היינט, ס׳איז פאַרשפעטיקטער נעכטן.
כ׳וויל דעם הימל אויף שטיקער ווי אַ טיכל צערייסן.
זאָל ווידער די נאַכט זיך די שוואַרצע באַווייזן.

זאָל ווידער דער הימל צעצינדן די שטערן
און איך זאָל אַ לבנה אַ ליכטיקע ווערן,
און שווימען און שווימען צו וויטן, צו הייכן,
ביז כ׳וועל אים פון וויטן מיט בליק כאַטש דערגרייכן.

אַ נאַכט, דו נאַכט, מיין טרוימער, מיין רעטער.
שיק מיר אַ גאָט, וואָס איז שטאַרקער פון געטער.
שיק מיר אַ חלום מיט וועלדער מיט זיבן
און אין יעדן פון זיי כ׳זאָל טרעפן מיין ליבן.

# די צאַרטסטע רויז...

די צאַרטסטע רויז האָט שטעכעדיקע שפּיזן.
איך בין צאַרט און שטעכעדיק ווי זי.
ווער ס׳האָט פון קוסט אַ רויז אַמאָל געריסן,
ווייסט דעם טעם פון רויזיקן געבריי.

יעדער ים איז צאָרנדיק און מילד.
איך בין מילד און צאָרנדיק ווי ער.
ווער ס׳האָט מיט ים זיך שוין געשפּילט,
דעם ציט צו טייכעלעך ניט מער.

יעדער מדבר האָט אָאַזעם אויף זיין ברוסט,
נאָר ניט אַלע קאָנען זיי געפינען.
פאַר וועמען איך בין מדברדיק און פּוסט,
און פאַר וועמען אַ אָאַזע, אַ קוואַליקע, אַ גרינע.

די העלסטע זון איז פול מיט פלעקן.
איך בין ווי זון פלעקנדיק און העל.
ווער עס קומט מיט כמאַרעס און מיט רעגן,
וועט די זון ניט טרעפן אויף מיין שוועל.

# אינהאַלט

## גלויבן

זײַט



## נעכטנס

## מײַן שטאַם און איך



## גרינע קלײדער

## פון מיר צו דיר

